פריעדריך ניטשע: אזוי האָט גערעדט
זאראַטוסטראַ, איבערזעצט פון דייטש דורך
דר. ה. זשיטלאָווסקי

פ א ר ל א ג  ח.  ב ז ש אָ ז א

פריעדריך ניטשע

# אזוי האט גערעדט זאראטוסטרא

א בוך פאר אלעמען און קיינעם ניט

ווארשע / 1930

דאָס בוך איז געדרוקט פון אַמעריקאַנער מאַטריצן, דער־
מיט דערקלערט זיך זיין אַלטע אָרטאָגראַפיע.

Printed in Poland
Fr. Nietzsche: Tako rzecze
Zaratrustra. Tłom. Dr. Ch. Żytłowski.
Wyd. CH. BRZOZA Warszawa, 1930

Druk. B-cia Lewin-Epsztein, Pawia 38

1.

ווען זאראטוסטרא איז אלט געווען דרייסיג יאהר, האט ער פארלאזען זיין היים־געבירט און די אזיערע פון זיין היים־געבירט און איז אוועק אין די בערג. דארטען האט ער הנאה געהאט פון זיין גייסט און פון זיין התבודדות און צעהן יאהר נאכאנאנד האט איהם זיין גליק ניט מיעד געמאכט. צום סוף אבער האט זיך זיין הארץ געביטען, — און אין איין פריהמארגען איז ער אויפגעשטאנען מיט דער מארגען־רויט, האט זיך אוועקגעשטעלט פאר דער זון און האט צו איהר אזוי געזאגט:

„דו גרויסער שטערן! וואס וואלט ווערט געווען דיין גליק, אויב דו וואלסט ניט געהאט, פאר וועמען דו שיינסט!

צעהן יאהר פלעגסט דו ארויף קומען דא צו מיין הייהל: דו וואלסט זיך איבערגעזעטיגט מיט דיין ליכט און מיט דיין וועג, אהן מיך, אהן מיין אדלער און אהן מיין שלאנג.

אבער מיר פלעגען ווארטען אויף דיר יעדען פריהמארגען, פלעגען אוועקנעהמען ביי דיר דיין שפע און פלעגען דיך בענשען דערפאר.

זעה! מיין קלוגשאפט איז מיר געווארען איבערדריסיג, ווי די בין, וואס האט צופיעל האניג געזאמעלט; איך דארף האבען הענט, וואס זאלען זיך אויסשטרעקען.

מיר ווילט זיך פארשענקען און פאנאנדערטיילען, ביז די קלוגשאפענע צווישען די מענשען וועלען ווידער דערפרעהט ווערען פון זייער נארישקייט, און די ארעמע פון זייער רייכקייט.

צוליעב דעם מוז איך אראבשטייגען אין דער טיעף: אט ווי דו טוסט דאס אלע פארנאכט, בשעת דו געהסט אוועק הינטער'ן ים און ברענגסט ליכטיגקייט צו דער אונטערוועלט, דו איבער־רייכער שטערן!

איך מוז, צו דיר געגליכען, א ו נ ט ע ר ג ע ה ן, ווי דאס רופען די מענשען וואס צו זיי וויל איך אראב.

איז — בענש דאָך מיך, דו רוהיג אויג, וואָס קאָן אָהן קנאה קוקען אפילו אויף א צו־גרויסען גליק.

בענש דעם בעכער, וואָס האלט ביים אריבערגיסען, אז דאָס וואסער זאָל גאָלדיג פליסען פון איהם און אומעטום ברענגען דעם אָפּגלאַנץ פון דיין שטראַהלענדער פרייד.

זעה, דער בעכער וויל ווידער ווערען ליידיג און זאראַטוסטראַ וויל ווידער ווערען מענש.״

— אזוי האָט זיך אָנגעהויבען זאראַטוסטראַ׳ס אונטערגאַנג.

* *
*

2

זאראַטוסטראַ האָט גענידערט אליין פון די בערג און קיינעם האָט ער ניט באַגעגענט. נאָר ווען ער איז אריין אין וואלד, איז פּלוצלונג א זקן געשטאַנען פאר איהם, וואָס האָט זיין הייליגע ביידעל פארלאָזען, כדי צו זוכען וואָרצלען אין וואלד. און אזוי האָט דער זקן גערעדט צו זאראַטוסטראַ:

„ניט פרעמד איז מיר דער וואַנדערער: מיט עטליכע יאָהר צוריק איז ער דאָ געגאַנגען פארביי. אָבער ער האָט זיך געביטען. דעמאָלט האָסטו געטראָגען דיין אַש אויף דעם באַרג: ווילסטו איצטער טראָגען דיין פייער אין די טאָלען? האָסטו דען קיין מורא ניט פאר דער שטראָף, וואָס קומט דעם אונטערצינדער?

יע, איך דערקען זאראַטוסטראַ׳ן. ריין איז זיין אויג און ארום זיינע ליפּען בעהאַלט זיך ניט קיין עקעל. געהט ער ניט ארום ווי ער וואָלט געטאַנצט?

געביטען האָט זיך זאראַטוסטראַ, א קינד איז געוואָרען זאַראַטוסטראַ, אַן אויפגעוואַכטער איז שוין זאראַטוסטראַ: וואָס ווילסטו דען צווישען די שלאָפענדע?

ווי אין א ים האָסטו געלעבט אין דיין איינזאַמקייט, און דער ים האָט דיך געטראָגען. וועה, דו ווילסט ווידער אויף דער יבשה? וועה. דו ווילסט ווידער אליין שלעפּען דיין לייב?״

האָט זאַראַטוסטראַ געענטפערט דערויף: „איך האָב האָלד די מענשען".

„פאַר וואָס דען בין איך", האָט דער הייליגער געזאָגט, „אַוועק אין מדבר און וואַלד, אויב ניט דערפאַר, ווייל איך האָב די מענשען צו פיעל ליעב געהאַט?

איצטער ליעב איך נאָר גאָט: די מענשען ליעב איך ניט מעהר. דער מענש איז פאַר מיר אַ צו ניט קיין פולקומע זאַך. די ליעבע צום מענשען וואָלט פון מיר געמאַכט אַ תל".

האָט זאַראַטוסטראַ געענטפערט: „וואָס האָב איך דאָ גע־רעדט וועגען ליעבע! איך ברענג נאָר די מענשען אַ מתנה."

„ניט גיב זיי גאָרנישט", האָט געזאָגט דער הייליגער. „נעם עפּעס בעסער אַראָפּ פון זיי און העלף דאָס זיי טראָגען — דאָס איז די בעסטע טובה פאַר זיי, אויב ס'איז נאָר אַ טובה פאַר דיר. און אויב דו ווילסט שוין עפּעס געבען, איז — גיעב זיי ניט מעהר ווי אַ נדבה און לאָז זיי נאָך פריהער זי אויסבעטלען ביי דיר!"

„ניין", האָט געענטפערט זאַראַטוסטראַ. „איך גיב ניט קיין נדבות. דערצו בין איך ניט גענוג אָרעם."

דער הייליגער האָט זיך פאַנאַנדער געלאַכט פון זאַראַטוסטראַ'ס רייד און האָט געזאָגט: „איז — זעה, אַז זיי זאָלען אָננעמען דיינע אוצרות. זיי זיינען פול מיט חשד אַנטקעגען די מתבודדים און זיי גלויבען ניט, אַז מיר קומען, כדי עפּעס צו שענקען.

אונזערע שריט קלינגען צו איינזאַם פאַר זיי דורך די גאַסען. אַט ווי אין דער נאַכט, ווען זיי הערען אין זייערע בעטען, אַז אַ מאַן געהט אַרום, לאַנג איידער די זון שטעהט אויף, און זיי פרע־גען זיך אַליין: וואוהין געהט דאָס דער גנב?

געה ניט צו די מענשען און בלייב דאָ אין וואַלד! געה בע־סער צו די חיות. פאַרוואָס ווילסטו ניט זיין ווי איך, — אַ בער צווישען בערען, אַ פויגעל צווישען פויגלען?"

„און וואָס טוט דער הייליגער טאָן דאָ אין וואַלד?" האָט געפרעגט זאַראַטוסטראַ.

און דער הייליגער האָט געענטפערט: „ליעדער בעשאַף איך און זינג זיי. און בשעת איך בעשאַף מיינע ליעדער, טו איך לאַכען און וויינען און ברומען: אַט אַזוי טו איך לויבען מיין גאָט.

מיט זינגען און וויינען און לאַכען און ברומען לויב איך דעם גאָט, וואָס איז מיין גאָט. נאָר — זאָג מיר: וואָס ברענגסטו אונז פאַר אַ מתנה?"

ווען זאראַטוסטראַ האָט דערהערט די רייד, האָט ער זיך גע־בויגט פאַר דעם הייליגען און האָט געזאָגט: „וואָס וואָלט איך אייך געקאָנט געבען! לאָזט מיך וואָס גיכער אַוועקגעהן פון דאַנען, איך זאָל נאָך עפּעס ניט נעמען ביי אייך". — און אַזוי האָבען זיי זיך צוזעגענט איינער מיט דעם אַנדערן, — דער זקן און דער מאַן. — לאַכענדיג, גלייך ווי צוויי קליינע אינגלעך.

נאָר ווען זאראַטוסטראַ איז געבליבען אַליין, האָט ער אַזוי גערעדט אין זיין הארצען צו זיך: „זאָל דאָס גאָר מעגליך זיין! אַט דער אַלטער הייליגער האָט נאָך גאָרנישט געהערט אין זיין וואַלד, אַז ג אָ ט א י ז ג ע ש ט אָ ר ב ע ן!"

* *
*

3.

ווען זאראַטוסטראַ איז געקומען אין דער נאָהענטסטער שטאָט וואָס הינטער די וועלדער, האָט ער דאָרטען געפונען אַ סך פאָלק פאַרזאַמעלט אויפ'ן מאַרק. ווייל מען האָט געלאָזט וויסען, אַז אַ שטריק־טאַנצער וועט טאַנצען אויף אַ שטריק. און זאראַטוס־טראַ האָט גערעדט צו דעם פאָלק, אַזוי צו זאָגען:

א י ך ל ע ר ן א י י ך ד ע ם א ו י ב ע ר ־ מ ע נ ש.
אַ מענש איז עפּעס אַזוינס, וואָס מען דאַרף אַריבערשטייגען. וואָס האָט איהר געטאָן, כדי אַריבערצושטייגען דעם מענשען?

יעדער בעשאַף ביז אַהער האָט אַרויסבעשאַפען עפּעס, וואָס איז איבער איהם. ווילט איהר דען זיין דער אַבפלוס פון יענעם

גריסען געוויסער און ליבערשט געהן צו דער חיה צוריק, איידער דעם מענשען אריבערשטייגען?

וואס איז דער אף פאר דעם מענשען? א געלעכטער אדער א שמערצליכע שאנד. און פונקט דאס אייגענע זאל דער מענש זיין פאר דעם אויבער־מענש: א געלעכטער אדער א שמערצליכע שאנד.

איהר האט דורכגעמאכט דעם וועג פון דעם ווארים ביז צום מענשען און א סך אין אייך איז נאך ווארים. אמאל זייט איהר געווען אפען, און נאך עד־היום איז דער מענש מעהר אף, איידער וועד פון די אפען.

אפילו דער קלוגשאפענסטער פון אייך, איז אויך נאך א צוויי־געשטאלט און א צוויי־געמיש פון א פלאנץ און א רוח. אבער הייס איך דען אייך, איהר זאלט ווערען געשפענסטער אדער פלאנצען?

זעהט, איך לערען אייך דעם אויבער־מענש.

דער אויבער־מענש איז דער זין פון דער ערד. אייער ווילען דארף זאגען: דער אויבער־מענש זאל זיין דער זין פון דער ערד!

איך באשווער אייך, מיינע ברידער, בלייבט טריי דער ערד, און גלויבט ניט אין יענע, וואס רעדען צו אייך וועגען איבער־ערדישע האפענונגען! דאס זיינען גיפט־מישער, צי זיי ווייסען עס, אדער ניט.

זיי פאראכטען דאס לעבען, גוסס־למות'ע זיינען זיי. וואס האבען זיך גופא פאר'סמ'ט, און וואס פון זיי איז מיעד געווארען די ערד: זאל זיין א סוף צו זיי!

אמאל איז די לעסטערונג אנטקעגען גאט געווען די גרעסטע לעסטערונג. אבער גאט איז געשטארבען און מיט איהם זיינען אויך מיט יענע לעסטערער. לעסטערען אנטקעגען דער ערד איז איצטער די שרעקליכסטע זינד. ווי אויך צו שעצען די איינגעווייד פון דעם אומדערפארשבארען העכער, איידער דעם זין פון דער ערד.

אמאל האט די נשמה מיט בטול געקוקט אויף דעם גוף, און דעמאלט איז יענער בטול געווען דאס העכסטע: זי האט געוואלט

איהם האָבען א מאַגערען, א מיאוס'ען, א פארהונגערטען. אַזוי האָט זי געהאַפּט צו אַנטפליהען פון דעם גוף און פון דער ערד.

אַה, יענע נשמה איז אַליין נאָך געווען א מאַגערע, א מיאוס'ע און א פאַרהונגערטע. אכזריות איז געווען דער תענוג פאר יענער נשמה!

אָבער אויך איצטער, איהר, מיינע ברידער, זאָגט מיר נאָר: וואָס טוט דער גוף אייערער דערצעהלען וועגען אייער נשמה? איז ניט אייער נשמה ליטער אָרעמקייט און שמוץ און דלפנ'ישע צופרידענקייט מיט זיך גופא.

באמת, א שמוציגער שטראָם איז דער מענש. מען דאַרף זיין א ים, כדי קאָנען אריינגנעמען א שמוציגען שטראָם און אַליין ניט ווערען אומריין.

זעהט. איך לערען אייך דעם אויבער־מענש: אָט ער איז יענער ים. אין איהם קאָן אייער גרויסע פאראכטונג פארטרונקען ווערען

וואָס איז דאָס גרעסטע, וואָס איהר קאָנט דערלעבען? דאָס איז די שעה פון דער גרויסער פאראכטונג. די שעה. וואָס אין איהר ווערט אייך נמאס אפילו אייער גליק און עס ווערט אייך נמאס אייער שכל און אייער טוגענד.

די שעה ,ווען איהר זאָגט: „וואָס פאר א באטרעף האָט מיין גליק! ער איז אָרעמקייט און שמוץ און דלפנ'ישע צופרידענקייט מיט זיך גופא, בעת מיין גליק דארף גערעכטפערטיגען די גאנצע מציאות פון דער וועלט".

די שעה, ווען איהר זאָגט: „וואָס פאר א באטרעף האָט מיין שכל! הונגערט ער נאָך וויסען, ווי דער לייב נאָך שפייז? ער איז אָרעמקייט און שמוץ און א דלפנ'ישע צופרידענקייט מיט זיך גופא".

די שעה, ווען איהר זאָגט: „וואָס פאר א באטרעף האָט מיין טוגענד! האָט זי מיך ווען ארויסגעבראכט פון די כלים? ווי מיעד איך בין פון מיין גוטס און פון מיין שלעכטס! דאָס

אלץ איז אָרעמקייט און שמוץ און אַ דלפנ'ישע צופרידענקייט מיט זיך גופא".

די שעה, ווען איהר זאָגט: „וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט מיין יושר! איך זעה נים, איך זאָל זיין קוילען און גלוט. אָבער דער גערעכטער איז פוילען און גלוט!"

די שעה, ווען איהר זאָגט: „וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט מיין רחמנות! איז דען ניט רחמנות דער צלם, אויף וועלכען עס ווערט צונעשלאָגען יענער, וואָס האָט ליעב די מענשען? אָבער מיין רחמנות איז ניט קיין מסירת־נפש אויף'ן צלם".

האָט איהר שוין ווען גערעדט אַזוי? האָט איהר שוין ווען אַזוי געשריען? אַך, איך וואָלט שוין וועלען אַמאָל הערען אייך שרייען אַזוי!

ניט אייערע זינד — אייער הסתפקות־במועט טוט שרייען צום הימעל, אייער קמצנות אפילו אין אייערע זינד טוט שרייען צום הימעל!

וואו איז דאָך דער בליץ, וואָס זאָל אייך אַ לעק טאָן מיט זיין צונג? וואו איז דער טירוף, וואָס דאַרף אייך צוגעשטעלט ווערען, ווי פּאָקען?

זעהט, איך לערען אייך דעם אויבער־מענש: ער איז יענער בליץ, ער איז יענער טירוף! —

ווען זאַראַטוסטרא האָט דאָס אַלץ גערעדט, האָט איינער פון דעם פאָלק אַרויסגעשריען: „מיר האָבען דעם שטריק־טענצער שוין גענוג געהערט; לאָמיר אָקאָרשט איהם זעהן!" און דאָס גאַנצע פאָלק האָט געלאַכט פון זאַראַטוסטרא'ן. נאָר דעם שטריק־טענצער האָט זיך געדוכט, אַז דאָס מיינט מען איהם, און ער האָט זיך גענומען פאַר זיין אַרבייט.



ג.

זאראטוסטרא אָבער האָט אָנגעבליקט דאָס פאָלק און האָט זיך געחדוש'ט. דערנאָך האָט ער אזוי גערעדט:

דער מענש איז א שטריק, געצויגען צווישען חיה און אויבער־מענש, — א שטריק איבער א תהום.

א געפעהרליכער „אריבער", א געפעהרליכער „אויפ'ן־וועג", א געפעהרליכער בליקען־צוריק, א געפעהרליכער שוידערען און בלייבען־שטעהן.

דאָס גרויסע אין דעם מענשען איז וואָס ער איז א בריק און נים קיין ציעל. געליעבט קאָן נאָר ווערען אין דעם מענשען וואָס ער איז אַן אריבער־גאַנג און אַן אונטערגאַנג.

איך ליעב יענע, וואָס קאָנען נים לעבען אַנדערס, סיידען ווי אונטערגעהענדע, ווייל זיי וועלען דאָס זיין די אריבערגעהענדע.

איך ליעב די גרויסע פאראכטערס, ווייל זיי זיינען די גרויסע פארעהרערס און פיילען פון בענקשאַפט זיינען זיי נאָך דעם אַנדער ברעג.

איך ליעב יענע, וואָס נים הינטער די שטערען זוכען זיי דעם גרונט פאר זייער אונטערגאַנג, פאר זייער ווערען א קרבן: נייערט פאר דער ערד זיינען זיי זיך מקריב, כדי זי זאָל אמאָל געהערען דעם אויבער־מענש.

איך ליעב יענעם, וואָס לעבט, כדי צו דערקענען און וועלכער וויל דערקענען, כדי דער אויבער־מענש זאָל אמאָל לעבען. אזוי וויל ער זיין אייגענעם אונטערגאַנג.

איך ליעב יענעם, וואָס ארבייט און טראַכט אויס, כדי ער זאָל קאָנען בויען א הויז פאר דעם אויבער־מענש, און פאַרגרייטען פאר איהם די ערד, די חיה און די פלאַנץ: ווייל אזוי וויל ער זיין אייגענעם אונטערגאַנג.

איך ליעב יענעם, וואָס ליעבט זיין טוגענד: ווייל טוגענד

איז דער ווילען צו דעם אונטערגאנג און א פייל פון בענקשאפט.

איך ליעב יענעם, וואס וויל ניט לאזען א טראפען גייסט פאר זיך אליין, נייערט ער וויל אין גאנצען זיין דער גייסט פון זיין טוגענד: אזוי טוט ער שרייטען, ווי א גייסט, איבער דעם בריק.

איך ליעב יענעם, וואס הענגט זיך אן אן זיין טוגענד און מאכט זי פאר דעם שיקזאל, וואס הענגט איבער איהם: אזוי וויל ער לעבען נאר צוליעב זיין טוגענד אדער בעסער גאר ניט לעבען.

איך ליעב יענעם, וואס וויל ניט האבען קיין צופיעל טוגענדען. איין טוגענד איז מעהר טוגענד איידער צוויי, ווייל זי איז א שטארקערער הענג־קניפעל פאר דעם שיקזאל'ס פארהענגענים.

איך ליעב יענעם, וועמעס נשמה עס פארשווענדט זיך אליין, וואס וויל ניט קיין דאנק און דאנקט קיינעם ניט צוריק: ווייל שטענדיג טוט ער שענקען און לאזט גארנישט פאר זיך.

איך ליעב יענעם, וואס שעמט זיך, ווען דיביינדלאך פון גורל פאלען אויס צו זיין מזל און ער פרעגט יעמאלט: בין איך דען א פאלשער שפיעלער? — ווייל ער וויל געהן לאבוד.

איך ליעב יענעם, וואס שפרייט פאנאנדער גילדערנע ווערטער, איידער ער געהט עפעס טאן, און איז דערנאך מקיים נאך מעהר, איידער ער זאגט צו: ווייל ער וויל זיין אונטערגאנג.

איך ליעב יענעם, וואס רעכטפארטיגט די, וואס וועלען קומען, און לייזט אויס די וואס זיינען פארגאנגען: ווייל אזוי וויל ער געהן צו גרונט דורך די וואס זיינען דא.

איך ליעב יענעם, וואס שטראפט זיין גאט, ווייל ער ליעבט זיין גאט: אזוי מוז ער פארלארען געהן מחמת דעם צארן פון זיין גאט.

איך ליעב יענעם, וועמעס נשמה איז טיעף אפילו אין איהרע וואונדען און וואס קאן פארלארען געהן איבער א קלייניגקייט: אזוי געהט ער גערן איבער'ן בריק.

איך ליעב יענעם, וועמעס נשמה איז אזוי איבערפול, אז ער פארגעסט זיך אליין, און אלע זאכען זיינען אין איהם: אזוי פיהרען אלע זאכען צו זיין אונטערגאנג.

איך ליעב יענעם, וואָס איז פריי אין גייסט און פריי אין הארצען: זיין קאָפּ איז יעמאָלט די איינגעווייד פון זיין הארצען, זיין הארץ אָבער טרייבט איהם צו דעם אונטערגאַנג.

איך ליעב אַלעמען, וועלכע זיינען, ווי שווערע טראָפּענס, געפאַלען איינציגווייז פון דעם טונקעלען וואָלקען, וואָס הענגט איבער דעם מענשען: זיי זאָגען אָן, אז דער בליץ קומט, און ווי נביאים געהען זיי צו גרונט.

זעהט, איך בין דער נביא פון דעם בליץ און אַ שווערער טראָפּען פון דעם וואָלקען: יענער בליץ אָבער רופט זיך אויבער־מענש.

* *
*

5.

ווען זאראַטוסטרא האָט יענע ווערטער אַרויסגעזאָגט, האָט ער ווידער אָנגעבליקט דאָס פאָלק און געשוויגען. „אָט שטעהען זיי", האָט ער געטראַכט אין זיין הארצען, „אָט לאַכען זיי: זיי פאַרשטעהען מיך ניט. איך בין ניט דער מויל פאַר אַזעלכע אויערען.

מוז מען זיי פריהער דערלאַנגען איבער די אויערען, זיי זאָלען זיך אויסלערנען צו הערען מיט די אויגען? מוז מען טאַראַראַמען, ווי די פויקען און ווי די, וואָס רופען תשובה־טאָן? אָדער גלויבען זיי נאָר די שטאַמעלדיגע?

זיי האָבען עפּעס, מיט וואָס זיי שטאָלצירען. ווי רופען זיי דאָך דאָס, וואָס מאַכט זיי אַזוי שטאָלץ? „בילדונג" רופען זיי עס, דאָס צייכענט זיי אויס פון די ציגען־פּיטערער.

דעריבער ווילען זיי ניט הערען ווען מען רעדט וועגען „פאַראַכטונג" צו זיך אַליין. איז — וועל איך ריידען צו זייער שטאָלץ.

איז — וועל איך ריידען צו זיי וועגען דעם גרעסטען בזיון: דאָס איז אָבער דער לעצטער מענש".

און אַזוי האָט זאראַטוסטרא גערעדט צום פאָלק:

עס איז שוין צייט פאַר דעם מענשען, ער זאָל פעסט אָנמער־

קען זיין ציעל. עס איז שוין צייט פאר דעם מענשען, ער זאל פאר־פלאנצען די זריעה פון זיין העכסטער האפענונג.

נאך איז זיין ערד דערצו גענוג רייך. אבער אט די ערד וועט אמאל ווערען ארעם און אומפרוכטבאר און קיין איין הויכער בוים וועט ניט קאנען ארויסוואקסען פון איהר.

וועה! עס קומט די צייט, ווען דער מענש וועט ניט מעהר ארויסשליידערען זיין בענקשאפטס־פייל אריבער דעם מענשען און דער רימען פון זיין בויגען וועט פארגעסען ווי צו ציטערען!

איך זאג אייך: מען מוז נאך האבען א סך תוהו־ובוהו אין זיך כדי צו קאנען געבוירען א טאנצענדען שטערן.

איך זאג אייך, איהר האט נאך תוהו־ובוהו אין זיך. וועה! עס קומט די צייט פון דעם נבזה׳דיגסטען מענשען, וואס קאן שוין זיך אליין ניט מעהר פאראכטען.

זעהט! איך בעוויז אייך דעם ל ע צ ט ע ן  מ ע נ ש ע ן.

„וואס איז ליעבע? וואס איז בעשאפערישע טעטיגקייט? וואס איז בענקשאפט? וואס איז שטערן?“ — אזוי פרעגט דער לעצטער מענש — און פינטעלט מיט די אויגען.

די ערד איז דעמאלט קליין געווארען, און אויף איהר שפרינגט ארום דער לעצטער מענש, וואס אליץ מאכט ער צו קליינס. זיין מין איז ניט אויסצוראטען, ווי די ערד־פלוי; דער לעצטער מענש לעבט די לענגסטע צייט.

„מיר האבען דאס גליק ערפונדען“ — זאגען די לעצטע מענ־שען, און פינטלען מיט די אויגען.

זיי האבען פארלאזען די געגענדען, וואו עס איז געווען שווער צו לעבען: ווייל מען דארף ווארעמקייט. מען ליעבט נאך דעם שכן און מען רייבט זיך אן איהם: ווייל מען דארף ווארעמקייט.

קראנקווערען און איינעם חושד זיין איז ביי זיי א חטא: ווייל זיי געהען ארום אפגעהיט. א תרח — דער, וואס שטאלפערט נאך איבער שטיינער, אדער מענשען!

א ביסעל גיפט פון צייט צו צייט: דאס ברענגט אנגענעמע חלומות. און א סך צום סוף צוליעב אן אנגענעמען שטארבען.

מען ארבייט נאָך, ווייל אַרבייט איז פאַרווייַלונג. אָבער מען זעהט, אַז די פאַרווייַלונג זאָל ניט צו פיעל אָנגרייפען.

מען איז ניט אָרעם און ניט רייך:ביידעס איז א משא. ווער וויל נאָך יעמאָלט רעגירען? ווער וויל נאָך פאָלגען? ביידע זאַכען זיינען א שווערע משא.

ניטאָ קיין פּיטערער און ניטאָ קיין הערד! יעדערער וויל דאָס גלייכע, יעדער איז גלייך: ווער עס פיהלט אנדערש, יענער געהט אליין אוועק אוים פרייען ווילען אין משוגעים־הויז אריין.

„אמאָל־אמאָל איז די גאַנצע וועלט געווען משוגע" — זאָגען די פיינסטע מענשען און פינטלען מיט די אויגען.

מען איז קלוג און מען וויים אלץ, וואָס געשעהען: אזוי־ערנאָך איז קיין ענד ניטאָ צו זייער שפּאָטען. מען צוקריגט זיך אמאָל, אָבער מען צעאיינגט זיך באלד — ווייל אַז ניט קאָן דאָס פאַרדאַרבען דעם מאָגען.

מען האָט זיין תענוג'ל פאַר דעם טאָג און זיין תענוג'ל פאַר דער נאַכט: אָבער מען היט אָפּ דאָס געזונט.

„מיר האָבען דאָס גליק אויסגעפונען" — זאָגען די לעצטע מענשען און פינטלען מיט די אויגען. —

און דערמיט האָט זיך געענדיגט זאַראַטוסטראַ'ס ערשטע רעדע, וואָס ווערט אויך אָנגערופען „די הקדמה": ווייל גראָד דאָ האָט איהם איבערגעריסען דער געשריי און די לוסטיגקייט פון דעם המון. „גיב אונז אָט דעם לעצטען מענשען, אָה, זאַראַטוסטראַ, — אַזוי האָבען זיי אויסגערופען, — מאַך אונז פאַר אָט די לעצטע מענשען! וועלען מיר דיר אוועקשענקען דיין אויבער־מענש!" און דאָס גאַנצע פאָלק האָט געיובעלט און געקנאַקט מיט דער צונג. זאַראַטוסטראַ אָבער איז געוואָרען טרויעריג און האָט צו זיך געזאָגט אין זיין הארצען:

„זיי פאַרשטעהען מיך ניט: איך בין ניט דער מויל פאַר אַזעלכע אויערען.

משמעות, צו לאַנג האָב איך געלעבט אין די בערג, צו פיעל

געהאָרכט צו די שטראָמען און די בוימער: רייד איך איצטער צו זיי, ווי צו ציגען־פיטערער.

רוהיג איז מיין נשמה און העל ווי די בערג אין דער צייט פון פארמיטאָג. אָבער זיי מיינען, איך בין קאַלט און אַ שפּאַס־מאַכער מיט פורכטבארע שפּאַסען.

איז — קוקען זיי מיך אָן און זיי לאַכען: און בשעת זיי לאַכען פון מיר האָבען זיי מיך אויך פיינט. עס איז אייז אין זייער לאַכען".

* * *

ג.

אָבער דאָ האָט עפּעס פּאַסירט, וואָס האָט שטום געמאַכט יעדען מויל און האָט פאַרגליווערט יעדען בליק. אין דער צווישען־צייט האָט זיך דער שטריק־טענצער דערוויילע גענומען פאַר זיין ארבייט: ער איז ארויס פון אַ קליינער טיר און איז געגאַנגען אי־בער דער שטריק, וואָס איז געשפּאַנט געווען צווישען צוויי טו־רעמס אזוי, אַז זי איז געהאַנגען איבער'ן פאָלק און איבער'ן מאַרק. ווען ער איז געקומען פונקט צו דער מיט פון זיין וועג, האָט זיך די קליינע טיר נאָך אמאָל געעפענט און אַ פּיעל־פאַרביגער חברה־מאַן, געקליידט ווי אַ קלאון, איז ארויסגעשפּרונגען און האָט זיך האסטיג א לאָז געטאָן נאָך דעם ערשטען. „פאָראויס, דו לאַהמע פוס!" האָט געשריען זיין מאוים'דיגער קול, „פאָראויס, דו, פויל־קלאָץ, גניבה־הענדלער, בעווייסטער פּנים! אַז נים — טו איך דיך אַ קיצעל מיט מיין אונטער־פוס! וואָס טוסטו דאָ צווישען די טורעמס? אין חד־גדיא אריין! ארייגזעצען דארף מען דיך אין טורעם; אַ בעסערען פאַר דיר פאַרשטעלסטו דעם פרייען וועג!" — און מיט יעדען וואָרט איז ער צלץ נעהענטער געקומען צו איהם: אָבער ווען ער איז געווען נאָר איין שריט ווייט, האָט פּאַסירט דאָס שרעקליכסטע, וואָס האָט יעדען מויל שטום געמאַכט און יעדען בליק פאַרגליווערט: — דער לץ האָט צרויסגעלאָזען אַ

געשריי, ווי א טייוועל, און איז אריבערגעשפרונגען איבער דעם אנדערען, וואס איז איהם געווען אין וועג. יענער אבער, דערזעהן, אז זיין ריוואל האט טריאומפירט, האט פארלארען דעם קאפ און די שטריק. ער האט א ווארף געטאן די שטאנג און איז נאך שנע־לער איידער זי, אראבגעשאסען אין דער טיעף, ווי א ווירבעל פון ארעמס און פיס. דער מארק און דאס פאלק זיינען געווארען ווי א ים, אין וועלכען עס האט אריינגעבלאזען א ווינט: זיי זייגען זיך אלע צעפלויגען איינער איבער דעם אנדערען, דער עיקר פון דארטען, וואו דער קערפער האט געמוזט אראפפאלען.

זאראטוסטרא אבער איז געבליבען שטעהן, און גראד נעבען איהם האט זיך דער קערפער אפגעשלאגען, שווער צוהויקערט און צו־לומפערט, אבער נאך ביים לעבען. אין א ווייל ארום איז דער צושמעטערטער געקומען צו זיך, און ער האט געזעהען, ווי זארא־טוסטרא קניעט לעבען איהם. „וואס טוסטו דא? האט ער ענדליך געזאגט, איך האב שוין לאנג געוואוסט, אז דער טייוועל וועט מיר א פוס אונטערשטעלען. איצטער שלעפט ער מיך אין גיהנום. ווילסטו איהם דאס ניט לאזען?"

„ביי מיין עהרע, פריינד", האט געענטפערט זאראטוסטרא, „די אלע זאכען, וועגען וועלכע דו רעדסט, זיינען גאר ניטא אין א מציאות. ניטא קיין טייוועל און קיין גיהנום. דיין נשמה וועט נאך שנעלער טויט זיין, איידער דיין גוף: האב פאר קיין זאך קיין מורא ניט!"

דער מאן האט מיט חשד ארויף געבליקט צו איהם. „אויב ס'איז אמת, וואס דו רעדסט", האט ער געזאגט, „איז יעמאלט פאר־ליר איך גארנישט ניט, ווען איך פארליר דאס לעבען. איך בין יעמאלט ניט פיעל מעהר, איידער א חיה, וואס מען האט זי, דורך שלעג און קארגע ביסענס, אויסגעלערנט צו טאנצען".

„בשום אופן ניט", האט געזאגט זאראטוסטרא, „דו האסט אוים דער געפאהר דיר אן אומנות געמאכט; דא איז ניטא וואס צו פאראכטען. איצטער געהסטו צו גרונט דורך דיין אומנות: דערפאר וועל איך דיך מקבר זיין מיט מיינע אייגענע הענט".

ווען זאראטוסטרא האט דאס געזאגט, האט דער גוסס שוין נאָרנישט געענטפערט: אָבער ער האָט ארומגעפיהרט מיט דער האנט, פונט ווי ער וואלט זוכען זאראטוסטרא׳ס האנט, צו דאנקען איהם.

* *
*

7.

בינו לבינו איז צוגעפאלען דער אָווענט, און דער מארק האָט זיך פארבאָרגען אין טונקעל: דאס פאָלק איז זיך צולאָפען, ווייל אפילו נייגיר און שרעק ווערען איינגעמאטערט. זאראטוסטרא אָבער איז געזעסען נעבען דעם טויטען אויף דער ערד. פארזונקען אין געדאנקען, האָט ער פארגעסען די צייט. נאָר לסוף איז גע־וואָרען נאכט און א קאלטער ווינט האָט געבלאָזען איבער דעם איינזאמען. איז זאראטוסטרא אויפגעשטאנען און האָט געזאָגט צו זיך אליין אין זיין הארצען:

„באמת, א שעהנעם פיש־פאנג האָט היינט זאראטוסטרא גע־מאכט. קיין איין איינציגען מענשען האָט ער געפאנגען, דערפאר אָבער א בר־מינן.

אונהיימליך איז דעם מענשענס זיין אויף דער וועלט און אלץ נאָך אָהן א זין: א לץ קאָן זיין פארהענגעניס ווערען.

איך וויל לערנען מיט די מענשען דעם זין פון זייער זיין: און דאס איז דער אויבער־מענש, דער בליץ פון דעם טונקעלען וואָלקען מענש.

אָבער איך בין נאָך ווייט פון זיי און מיין זין רעדט ניט צו זייערע זינען. א מיטען בין איך נאָך פאר די מענשען צווישען א לץ און א בר־מינן.

טונקעל איז די נאכט, טונקעל זיינען די וועגען זאראטוס־טרא׳ס. קום, דו אלטער, שטייפער מיט־רייזענדער. איך טראָג דיך אהין, וואו איך וועל דיך מיט מיינע הענט בעגראָבען“.

* *
*

8.

ווען זאראטוסטרא האט די רייד געזאגט צו זיך אליין אין הארצען, האט ער אנגעלאדען זיין רוקען מיט דעם בר־מינן און האט זיך געלאזען אין וועג. און נאך איז ער ניט אפגעגאנגען קיין הונדערט שריט, האט זיך א מענש צוגע׳גנב׳עט צו איהם און האט געגומען סוד׳ען איהם אין אויער — און זעה! דער מאן, וואס האט גערעדט, איז געווען דער קלאון פון דעם טורעם. „געה אוועק פון אט דער שטאט, זאראטוסטרא, האט ער געזאגט: צו פיעל מענשען האסען דיך דא. עס האסען דיך די גוטע און גערעכטע, און האלטען דיך פאר זייערען א פיינט און א פאראכטער; עס האסען דיך די גלויביגע פון דעם רעכטען גלויבען און זיי רופען דיך א געפאהר פאר דעם המון. דיין גליק איז געווען, וואס מען האט געלאכט פון דיר: און אין דער אמת׳ען: דו האסט גערעדט ווי א לץ. דיין גליק, וואס דו האסט זיך צוגעלאזט צו דעם טויטען הונט. ווייל דו האסט דיך אזוי ערנידריגט, האסטו דיך גערעטעט פאר היינטיגען טאג. געה אבער אוועק פון יענער שטאדט—אז ניט שפרינגג איך אריבער אריבער דיר, א לעבעדיגער אריבער א טויטען". און ווען דער מענש האט דאס אפגעזאגט, איז ער פארשוואונדען; זאראטוסטרא אבער איז זיך ווייטער געגאנגען איבער די טונקעלע גאסען.

ביי דער טויער פון שטאט האבען איהם באגעגענט די קברנים: זיי האבען באלויכטען זיין געזיכט מיט דער פאקעל, האבען דערקענט זאראטוסטרא און האבען געמאכט חוזק פון איהם. „זאראטוסטרא טראגט אוועק דעם טויטען הונט: זעהר שעהן, וואס זאראטוסטרא איז געווארען א קברן! ווייל אונזערע הענט זיינען צו ריין פאר אזא געבראטענס. וויל הפנים זאראטוסטרא אוועק גנב׳ענען ביי דעם טייוועל זיין ביסען? זאל זיין מיט מזל! און מיט־ליעב־אייך אייער מאלצייט! אויב דער טייוועל איז נאר ניט קיין בע־

סערער גנב פאר זאראטוסטרא'ן! — ער וועט זיי, אקארשט,ביידען צו'לקחן'ען, ביידען אויפפרעסען!" און זיי האבען אלע געלאכט און צונויפגעשמעקט די קעפ אין איינעם.

זאראטוסטרא האט דערויף קיין ווארט ניט געזאגט און איז געגאנגען אין זיין וועג. ווען ער איז אזוי אפגעגאנגען צוויי שעה, פארביי וועלדער און זומפען, האט ער דערהערט זעהר פיעל געברום פון הונגעריגע וועלף און איז אליין געווארען הונגעריג. איז ער געבליבען שטעהן ביי אן איינזאמען הויז, אין וועלכען עס האט א ליכט געברענט.

„דער הונגער פאלט אויף מיר אן ווי א רויבער, אין וועלדער און זומפען פאלט אויף מיר אן מיין הונגער און אין דער טיעפער נאכט.

וואונדערליכע שגעונות האט מיין הונגער. אפט קומט ער צו מיר ערשט נאך דעם מאלצייט, און היינט איז ער גאר ניט געקומען דעם גאנצען טאג: וואו איז ער אויסען געוועזן?"

און נאכדעם האט זאראטוסטרא אנגעקלאפט אין דער טויער פון דעם הויז. עס איז ארויס אן אלטער מאן; ער האט געטראגען א ליכט און האט געפרעגט: „ווער קומט צו מיר און צו מיין שלעכטען שלאף?"

„א לעבעדיגער און א טויטער, האט געענטפערט זאראטוסטרא. גיב מיר עפעס עסען און טרינקען; איך האב אן דעם פארגעסען דעם גאנצען טאג. יעדער, וואס גיט שפייז א הונגעריגען דער קוויקט זיין אייגענע נשמה: אזוי זאגט די קלוגשאפט."

דער אלטער איז אוועק, איז אבער באלד געקומען צוריק און האט דערלאנגט זאראטוסטרא'ן ברויט און וויין. „עס איז א שלעכטע געגענד פאר הונגעריגע, האט ער געזאגט, דעריבער וואוין איך דא. חיה און מענש קומען צו מיר, דעם מתבודד. אבער זאג דאך דיין חבר, ער זאל עסען און טרינקען, ער איז דאך מיעדער איידער דו." זאראטוסטרא האט געענטפערט: מיין חבר איז טויט; עס וועט זיין שווער צו פועל'ן ביי איהם." „ניט מיין דאגה, האט דער אלטער געזאגט ברוגז'ליך. ווער עס קלאפט אן ביי מיר, אין

מיין שטוב, דאַרף נעמען, וואָס איך גיב איהם. עסט, און זאָל אייך וואויל באַקומען!" —

דערנאָך איז זאַראַטוסטראַ ה[illegible]גען צוויי שעה, זיך פאַרלאָזען אויף דעם וועג און דעם שיין פון די שטערען: מחמת ער איז געווען אַן איינגעוואוינטער נאַכט־געהער, און האָט האַלה געהאַט צו קוקען אין פּנים אַריין יעדער זאַך, וואָס שלאָפט. אָבער ווען דער פריה־מאָרגען האָט גענומען גראָהען, האָט זאַראַטוסטראַ דערבליקט, אַז ער איז אין אַ טיפען וואַלד, און אַז קיין וועג זעהט זיך מעהר ניט, האָט ער דעם בר־מינן אַריין געלייגט אין אַ בוים־לאָך זיך צוקאָפּענס — ווייל ער האָט איהם געוואָלט באַשיצען פון וועלף — און אַליין האָט ער זיך אַוועקגעלייגט אויף דער ערד, אין וואַלד־גראָז. און תיכף איז ער איינגעשלאָפען מיעד אין לייב, אָבער מיט אַ רוהיגער נשמה.

* *

## 9.

לאַנג איז געשלאָפען זאַראַטוסטראַ, און ניט נאָר די מאָרגען־רויט, אויך דער פאַרמיטאָג איז דורכגעגאַנגען איבער זיין פּנים. ענדליך אָבער האָט ער געעפענט זיינע אויגען: פאַרוואונדערט האָט ער געקוקט אין דעם וואַלד און אין דער שטילקייט, פאַרוואונדערט האָט ער אַריינגעבליקט אין זיך אַליין. דערנאָך האָט ער זיך שנעל אויפגעהויבען, ווי אַ ים־רייזענדער, וואָס דערזעהט פּלוצים לאַנד, און האָט גענומען אַרויסשרייען זיין פרייד אויפ'ן קול: ווייל ער האָט אַ נייעם אמת דערזעהען. און אַזוי האָט ער גערעדט צו זיך אין זיין האַרצען:

אַ ליכט האָט זיך פאַרשפּרייט איבער מיר: מיט־רייזענדע

דארף איך, נאָר לעבעדיגע, — ניט טויטע חברים און בר־מינן׳ס, וואָס איך קאָן זיי ארומטראָגען מיט מיר, וואוהין איך וויל.

נאָר לעבעדיגע מיט־געהער, וואָס געהען נאָך נאָך מיר, ווייל זיי ווילען נאָכגעהן נאָך זיך אליין — און געהן אהין, וואו איך וויל.

א ליכט האָט זיך פארשפרייט איבער מיר: ניט צום פאָלק זאָל זאראטוסטרא ריידען נאָר צו מיט־געהער! ניט זאָל זאראטוסטרא ווערען א פיטערער און א הונט פאר דער הערד — אפצוריידען פיעלע פון דער הערד, — צוליעב דעם בין איך געקומען. פאָלק און הערד זאָלען אין צאָרן זיין אויף מיר: א רויבער זאָלען זאראטוסטרא׳ן רופען די פיטערער.

איך זאָג פיטערער, אָבער זיי רופען זיך אליין די גוטע און די גערעכטע.

איך זאָג פיטערער, אָבער זיי רופען זיך אליין די גלויביגע פון דעם רעכטען גלויבען.

זעה נאָר די גוטע און די גערעכטע! וועמען האָבען זיי מעהר פאר אלעמען פיינט? יענעם, וואָס צוברעכט זייערע לוחות פון ווערטען, דעם ברעכער, דעם פארברעכער: ער אָבער איז דער שאַפענדער.

זעה נאָר די גלויביגע פון אלע גלויבענס! וועמען האסען זיי מעהר פון אלעמען? יענעם, וואָס צעברעכט זייערע לוחות פון ווערטען, דעם ברעכער, דעם פארברעכער; ער איז אָבער דער שאַפענדער.

מיט־געהער זוכט דער שאפענדער און ניט קיין בר־מינן׳ס און אויך ניט קיין הערדען און ניט קיין גלויביגע. מיטשאפענדע זוכט דער שאפענדער, וואָס שרייבען נייע ווערטען אויף נייע לוחות.

מיט־געהער זוכט דער שאפענדער, און מיט־שניטער, ווייל אלץ איז ביי איהם שוין צייטיג צום שניט. אָבער עס פעהלען איהם די הונדערט שניט־מעסערס: צופט ער איינצעלנע זאנגען ארויס און ערגערט זיך.

מיט־געהער זוכט דער שאפענדער און אזעלכע, וואָס וויסען ווי צו שארפען זייערע שניט־מעסערס. צושטערער וועט מען זיי

רופען און פאַראַכטער פון גוט און בייז. אָבער זיי זיינען די שניטערס און יום־טוב־מענשען.

מיט־שאַפענדע זוכט זאַראַטוסטראַ, מיט־שניטערס און די וואָס פרעהען זיך מיט איהם אין זיין יום־טוב זוכט זאַראַטוסטראַ: וואָס האָט ער צו טאָן מיט הערדען און פיטערער און בר־מינן׳ס.

און דו, מיין ערשטער מיט־רייזענדער, רוה אין דיין פרידען! איך האָב דיך גוט פאַרשטעקט אין דעם בוים־לאָך, גוט דיך פאַר־באָרגען פון די וועלף.

אָבער איך געה פון דיר אַוועק; עס איז שוין צייט. צווישען מאָרגען־רויט און מאָרגען־רויט איז אַ נייער אמת צו מיר געקומען.

ניט קיין פיטערער זאָל איך זיין און ניט קיין קברן. שוין וועל איך ניט מעהר ריידען צו דעם פאָלק; צום לעצטען מאָל האָב איך גערעדט צו אַ מת.

אָן די שאַפענדע, די שניטערס, די יום־טוב־מענשען וויל איך מיך אָנשליסען: דעם רעגענבויגען וויל איך זיי ווייזען און אַלע טרעפּען, וואָס פיהרען צו דעם אויבער־מענש.

פאַר די מתבודדים וועל איך מיין ליעד זינגען און פאַר די וואָס לעבען צו צווייען. און ווער עס האָט נאָך אויערען פאַר נאָך ניט געהערטעס, יענעם וועל איך שווער מאכען זיין הארץ מיט מיין גליק.

איך שטרעב צו מיין ציעל, איך געה מיר מיין גאַנג. איבער די קווינקלענדע און אומוויסענדע וועל איך אריבערשפּרינגען. און אזוי זאָל מיין גאַנג ווערען זייער אונטערגאַנג!

* *
*

## 10.

אָט דאָס האָט זאַראַטוסטראַ גערעדט צו זיין הארצען, בשעת די זון איז געשטאַנען אין מיטען טאָג: דערנאָך האָט ער מיט אַ פרעגענדען בליק אַ קוק געטאָן ארויף אין דער הויך — וויל ער האָט דערהערט איבער זיך דעם שאַרפען רוף פון אַ פויגעל. און — זעה! אַ אַדלער האָט געשוועבט אין ברייטע קרייזען דורך דער

לופט און אויף איהם איז געהאנגען א שלאנג, אבער ניט ווי א רויב, נאר ווי א פריינדין: ווייל זי האט זיך געהאלטען ארום געריננעלט ארום זיין האלז.

דאס זיינען מיינע הויז־חיות! האט זאראטוסטרא געזאגט און האט זיך געפרעהט פון גאנצען הארצען.

דער שטאלצעסטער בעשאף אונטער דער זון און די קליגסטע חיה אונטער דער זון — זיי זיינען ארוים אין וועג, כדי אויסצו־שפירען.

אויסגעפינען ווילען זיי, צי לעבט נאך זאראטוסטרא. און איז דער אמת'ן, לעב איך נאך?

פיעל געפעהרליכער, האב איך עס געפונען, איז צו זיין צווי־שען מענשען, איידער צו זיין צווישען חיות; אין געפעהרליכע דרכים געהט זאראטוסטרא. זאלען מיך מיינע שטוב־חיות פיהרען.

ווען זאראטוסטרא האט דאס ארויסגערעדט, האט ער זיך דער־מאנט אויף די ווערטער פון דעם הייליגען אין וואלד, ער האט א זיפץ געטאן און האט אזוי געזאגט צו זיך אין זיין הארצען:

הלואי ווער איך קליגער! הלואי ווער איך קלוג פון דער טיעפסטער טיעף, אזוי ווי מיין שלאנג!

אבער איך בעט דאך עפעס אזוינס, וואס איז אונמעגליך: וועל איך בעטען מיין שטאלץ, ער זאל תמיד געהן אין איינעם מיט מיין קלוגשאפט.

און ווען מיין קלוגשאפט וועט מיך אמאל פארלאזען: — אך, זי ליעבט אמאל אוועקצופליהען! — זאל מיין שטאלץ יעמאלט אוועקפליהען מיט מיין נארישקייט.

— אזוי האט זיך אנגעהויבען זאראטוסטרא'ס אונטערגאנג.

## וועגען די דריי גלגולים.

דריי פארוואנדלונגען פון דעם גייסט באצייכען איך פאר אייך: ווי דער גייסט ווערט מגולגל אין א קעמעל, און דער קעמעל אין א לייב, און דער לייב לסוף אין א קינד.

א סך שווערע בנינים זיינען דא פאר'ן גייסט, דעם שטארקען, לאסט־טראגענדען, וואס איז פול מיט יראת־הכבוד. זיין שטארקייט בענקט נאך דעם שווערען און שווערסטען.

וואס אזוינס געפינט זיך דא שווערעס? אזוי פרעגט דער לאסט־טראגענדער גייסט, און שטעלט זיך אויף די קניע ווי א קע־מעל, און וויל גוט אנגעלאדען זיין.

וואס איז דאס שווערסטע, איהר העלדען? אזוי פרעגט דער לאסט־טראגענדער גייסט, איך זאל דאס ארויפנעמען אויף מיר און זיך דערפרעהען מיט מיין שטארקייט.

איז עס אפשר דאס: דערנידעריגען זיך אליין, כדי אנטאן צער דער אייגענער גאוה? ארויסשטעלען פאר דער וועלט די איי־גענע טפשות, כדי צו שפאטען פון דער אייגענער קלוג־שאפט?

אדער איז עס דאס: זיך שיידען פון אונזערער א זאך, אין דעם רעכטען יום־טוב פון איהר טריאומף? אויף הויכע בערג ארויפקלעטערען, כדי דעם יצר־הרע אריינצופיהרען אין א נסיון?

אדער איז עס דאס: זיך צו שפייזען מיט די דעמב־ניס און דעם גראז פון דער דערקענטניס און ליידען נשמה־הונגער צוליעב דעם אמת?

אדער איז עס דאס: קראנק זיין, און די טרייסטער אוועק־שיקען און שליסען פריינדשאפט מיט די טויבע, וואס קאנען קיין מאל נים הערען, וואס דו ווילסט?

אדער איז עס: קריכען אין שמוציגע וואסער, אויב דאס זיי־

נען די וואסערען פון דעם אמת און נים אוועקטרייבען פון זיך די פראָשען און הייסע קרעטען?

אָדער איז עס דאָס: ליעבען יענע, וואָס פאראכטען אונז, און דערלאנגען די האנט א מת, וואָס געהט אום כף־הקלע און וויל אונז איבערשרעקען?

אלע אָט די שווערסטע זאכען נעמט דער לאסט־טראָגענדער גייסט אויף זיך. ווי א קעמעל, וואָס איילט, א באלאָדענער, אין מדבר, אזוי איילט אויך דער גייסט אין זיין מדבר.

אָבער אין דעם איינזאמען מדבר קומט פאָר דער צווייטער גלגול: דער גייסט ווערט א לייב. פרייהייט ווי ער איינגעמען אין קאמף און זיין דער האר איבער זיין אייגענעם מדבר.

זיין לעצטען האר וויל ער דאָ אויפזוכען: א פיינט וויל ער ווערען איהם און זיין לעצטען גאָט, מיט דעם גרויסען דראכען־שלאנג וויל ער זיך ראנגלען צוליעב דעם נצחון.

ווער איז דער דראכען־שלאנג, וועלכען דער גייסט וויל ניט מעהר האָבען ווי א האר און גאָט אויף זיך? „דו זאָלסט“ איז דער נאָמען פון דעם דראכען־שלאנג. אָבער דער גייסט פון דעם לייב זאָגט: „איך וויל“.

די פליטער־חיה: „דו זאָלסט“ ליעגט איהם אין וועג, פינקלענדיג מיט גאָלד, און אויף יעדען פליטער גלאנצט גאָלדיג — „דו זאָלסט.“

טויזענטיאָהריגע ווערטען גלאנצען אויף יענע פליטערס, און אזוי רעדט דער מעכטיגסטער פון אלע דראכען־שלאנגען: „דער העכסטער ווערט פון אלע זאכען, ער גלימצערט נאָר אויף מיר.“

דער העכסטער ווערט איז שוין געשאפען, און דער גאנצער „געשאפענער ווערט — דאָס בין איך. באמת, עס טאָר מעהר ניט זיין קיין „איך וויל“! אזוי זאָגט דער דראכען־שלאנג.

מיינע ברידער, צו וואָס דארף מען א לייב אין דעם גייסט?

פאר וואָס איז ניט גענוג די לאסט־טראָגענדע בריאה, וואָס האלט זיך אין צוים און ..יז פול יראת הכבוד?

בעשאפען נייע ווערטען — דאָס קאָן אפילו דער לייב נאָך

ניט: אָבער זיך פרייהייט פארשאַפען צוליעב נייעם שאַפען, — דאָס קאָן בעווייזען די גבורה פון דעם לייב.

זיך פרייהייט פארשאַפען און א הייליגען „ניין!“ אוועקשטעלען אנטקעגען דער פליכט: צוליעב דעם, מיינע ברידער, דארף מען ווערען א לייב.

זיך נעמען דאָס רעכט אויף נייע ווערטען, — דאָס איז דער מאוים'דיגסטער נעם פאר א לאַסט-טראָגענדען און עהר-פאָרכטיגען גייסט. באמת, ביי איהם הייסט דאָס רויבען און דאָס דארף זיין די זאך פון א רויב-חיה.

ווי זיין הייליגסטע זאך, האָט ער אמאָל ליעב געהאַט דעם „דו זאָלסט!“; מוז ער איצטער אין דעם הייליגסטען ענין געפינען שגעונות און מוט-ווילען, כדי ער זאָל קאָנען ביי זיין ליעבע ווידער ארויסרויבען זיין פרייהייט: צו אזא רויב-אָנפאַל דארף מען א לייב.

אָבער זאָגט, מיינע ברידער, וואָס ליעגט אין דער גבורה פון א קינד, וואָס אפילו א לייב וואָלט ניט געווען ביכולת צו בעווייזען? פארוואָס מוז דער רויבענדער לייב נאך ווערען א קינד?

אומשולד איז דאָס קינד און פארגעסענקייט! א פון-דאָס-נייאָנהויבען און א שפיעל, א פון-זיך-גופא קייקלענדע ראָד, אן ערשטע באוועגונג, א הייליגער „יע“.

יע, מיינע ברידער, צו דעם שפיעל פון דעם שאַפען דארף מען האָבען א הייליגען „יע“: ז י י ן ווילען וויל איצט האָבען דער גייסט, זיין וועלט געפינט ווידער דער אין-דער-וועלט-פארלאָרענער.

דריי גלגולים פון דעם גייסט האָב איך אייך באצייכענט: ווי דער גייסט ווערט א קעמעל, ווי דער קעמעל ווערט א לייב און ווי לסוף ווערט דער לייב א קינד. —

אזוי האָט גערעדט זאראטוסטרא. און אין יענער צייט האָט ער זיך אויפגעהאַלטען אין א שטאָט, וואָס איהר נאָמען איז געווען: די ראבע קוה.

□ □
□

## וועגען די לעהר־שטענדערס פון טוגענד.

פאַר זאַראַטוסטראַ'ן האָט מען זעהר געלויבט איינעם אַ קלוג־שאַפענעם מאַן, וואָס האָט גוט געקאָנט האַלטען דרשות וועגען שלאָף און וועגען מעשים טובים: דערפאַר ניט מען איהם אָפּ פיעל כבוד און לוין, און אַלע יונגע לייט זיינען געזעסען ביי זיינע פיס און געלערנט פון איהם תורה. איז זאַראַטוסטראַ געגאַנגען צו איהם און האָט זיך צווישען די תלמידים אַוועקגעזעצט פאַר דעם רבינ'ס שטענדער, און דער קלוג־געשאַפענער האָט אַזוי גערעדט:

„האָט דרך־ארץ און בושה פאַר דעם שלאָף! דאָס איז די ערשטע זאַך! און מיידט אויס יעדען איינעם, וואָס שלאָפט שלעכט און וואַכט אין דער נאַכט!

אפילו דער גנב האָט בושה פאַר'ן שלאָף: שטילערהייט גנב'עט ער זיך־דורך דורך דער נאַכט. אָהן חרפה איז אָבער דער שומר אין דער נאַכט, אָהן בושה בלאָזט ער אין זיין האָרן.

שלאָפען איז ניט קיין קליינע קונסט: מען דאַרף צוליעב דעם אויף זיין אַ גאַנצען טאָג.

צעהן מאָל אין טאָג מוזטו דיך גופא גובר זיין: דאָס ברענגט אַ גוטע מאַטקייט און איז מאָהן פאַר דער נשמה.

צעהן מאָל מוזט דו ווידער גוט־פריינד ווערען מיט זיך אַליין; ווייל גובר־זיין ברענגט ביטערניס, און עס שלאָפט זיך שלעכט דעם ברוגז'ן.

צעהן אמת'ען מוזט דו אויסגעפינען ביי טאָג: אז ניט וועסטו אויך ביי נאַכט זוכען אמת, ווייל דיין נשמה איז געבליבען הונגעריג.

צעהן מאָל מוזט דו לאַכען ביי טאָג און זיין אויפגעראַמט: אז ניט וועט דיך אין דער נאַכט שטערען דער מאָגען, דער פאָטער פון שווערען מוט.

וועניגע ווייסען דאָס: אָבער מען מוז האָבען אַלע מדות־

טובות, כדי גוט צו שלאָפען. וועל איך זאָגען פאַלשע עדות?
וועל איך מזנה זיין?

וועל איך געלוסטען מיין שכן'ס דיענסט? די אַלע זאַכען פאַרען זיך שלעכט מיט אַ גוטען שלאָף.

און ווען מען האָט שוין אַלע מדות טובות, דאַרף מען פאַרשטעהן נאָך איין זאַך: באַפעהלען די מדות־טובות, זיי זאָלען אַליין געהן שלאָפען אין דער ריכטיגער צייט.

כדי זיי זאָלען זיך ניט קריגען איינע מיט דער אַנדערער, די כשר'ע צדקניות'לעך! און נאָך איבער דיר, דו אונגליקליכער!

לעב אין שלום מיט גאָט און מיט דעם שכן: אָט דאָס וויל דער גוטער שלאָף. און לעב אין שלום אויך מיט דעם שכן'ס טייוועל, אַז ניט וועט ער ביי דיר אומגעהן אין דער נאַכט.

ניט אָפּ כבוד דער רעגירענדער מאַכט, אפילו דער קרומער אויבערמאַכט, און פאָלג וואָס זי הייסט. דאָס פאָדערט דער גוטער שלאָף. וואָס בין איך שולדיג, וואָס די מאַכט געהט אָפט אויף קרומע פיס?

דער איז ביי מיר דער בעסטער פיטערער, וואָס פיהרט זיינע שאָף אויפ'ן גרינסטען גראָז: דאָס פאַסט זיך מיט דעם גוטען שלאָף.

קיין סך כבוד וויל איך ניט, אויך ניט קיין גרויסע אוצרות: דאָס צורייצט די מילץ. אָבער עס שלאָפט זיך ניט גוט אָהן אַ גוטען נאָמען און אָהן אַ קליינעם אייגענס.

אַ קליינע געזעלשאַפט איז מיר מעהר מיט־ליעב, איידער אַ שלעכטע: אָבער אויך זי מוז קומען און אוועקגעהן אין דער ריכטיגער צייט. אַזוי האַרמאָנירט דאָס מיט אַ גוטען שלאָף.

זעהר געפעלען טוען מיר אויך די גייסטיג־אָרעמע: זיי רופען אַרוים דעם שלאָף. גליקליך זיינען זיי, דערהויפּט ווען מען איז תמיד מיט זיי מסכים.

אַזוי פאַרגעהט דער טאָג פאַר דעם גערעכטשאַפענעם. קומט די נאַכט, היט איך מיך, איך זאָל ניט רופען דעם שלאָף! ער וויל ניט גערופען זיין, דער שלאָף, דער האַר פון אַלע מדות טובות.

נאָר איך טראַכט איבער, וואָס איך האָב ביי טאָג געטאָן און גע־

טראכט. מעלה־גרה׳דיג פרעג איך זיך אליין, געדולדזאם ווי א קוה: וואס זיינען געווען דיינע צעהן גבורות מיט וועלכע דו האסט גובה געווען זיך אליין?

און וואס זיינען געווען די צעהן גוט־פרייגד־ווערונגען און די צעהן אמת׳ען און די צעהן געלעכטערס, מיט וועלכע מיין הארץ האט זיך משמח געווען?

אפוועגענדיג דאס אלץ און איינגעוויעגט פון פערציג געדאנקען, פאלט אויף מיר ארויף מיט אמאל דער שלאף, א ניט קיין גערופענער, דער האר פון אלע טוגענדען.

דער שלאף בעטאפט מיין אויג, און עס ווערט שווער. דער שלאף באריהרט מיין מויל, און ער בלייבט אפען.

באמת, אויף ווייכע זוילען קומט ער צו מיר, דער ליעבסטער פון די גנבים, און גנב׳עט אוועק מיינע געדאנקען: א פעטעך בלייב איך שטעהן, ווי אט דער שטענדער.

אבער ניט לאנג קאן איך בלייבען אזוי שטעהן: נאך א ווייל, און איך ליעג שוין."

ווען זאראטוסטרא האט געהערט, ווי דער קלוגשאפענער האט אזוי גערעדט, האט ער געלאכט ביי זיך אין הארצען: ווייל עס איז איהם דערביי ליכטיג געווארען אין מוח. און ער האט אזוי גערעדט צו זיין הארצען.

„א נאר איז מיר אט דער קלוגשאפענער מיט זיינע פערציג געדאנקען: אבער איך רעכען, אז ער איז א גרויסער בקי אין דעם ענין פון שלאפען.

א גליקליכער איז שוין דער, וואס וואוינט אין שכנות מיט אזא קלוגשאפענעם מאן. אזא שלאף איז קלעפיג, אפילו דורך א דיקער וואנט איז ער קלעפיג.

א כשוף איז פארשטעקט אפילו אין זיין לעהר־שטענדער. און ניט אומזיסט זיינען די תלמידים געזעסען פאר דעם מגיד מישרים.

זיין קלוגשאפט לערנט: אויף־זיין, כדי צו שלאפען. און באמת, ווען דאס לעבען וואלט ניט געהאט קיין זין און איך וואלט געמוזט

אויסקלייבען דעם אומזין, וואָלט דאָס אויך פאַר מיר געווען דער־געוואונשענסטער אומזין.

איצונדער פאַרשטעה איך קלאָר, וואָס מען האָט אַמאָל געזוכט מעהר פאַר אַלעסדינג ווען מען האָט געזוכט די לעהרער פון גערעכט־שאַפענקייט. אַ גוטען שלאָף האָט מען געזוכט און מאָהן־בלומיגע מדות־טובות דערצו!

פאַר אַלע אָט די געלויבטע ראשי־ישיבות איז די קלוגשאַפענ־קייט בעשטאַנען אין אַ שלאָף אָהן חלומות: זיי האָבען ניט גע־וואוסט קיין בעסערען זין פאַר'ן לעבען.

אפילו איצטער זיינען נאָך געוויס פאַראַן נאָך עטליכע, ווי אָט דער מגיד מישרים, נאָר ניט אַלעמאָל אַזעלכע עהרליכע. אָבער זייער צייט איז שוין אַריבער. און ניט לאַנג נאָך קאָנען זיי איינ־שטעהן: נאָך אַ ווײַלע און זיי ליעגען שוין.

וואויל צו די שלעפעריגע: ווייל זיי וועלען באַלד איינדרעמ־לען. —

אַזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ.

* *
*

## די מענשען פון דער הינטער־וועלט.

ומאָל־אַמאָל האָט אויך זאַראַטוסטראַ פאַרוואָרפען זיין שגעון־טרוים אויף יענער זייט מענש, פונקט ווי אַלע מענשען פון דער הינטער־וועלט. דאָס ווערק פון אַ ליידענדען און צעפייניגטען גאָט האָט מיר יעמאָלט אויסגעדוכט די וועלט.

אַ חלום האָט מיר אויסגעדוכט די וועלט און אַ דיכטונג פון אַ גאָט; פאַרביגער רויך פון די אויגען פון אַ געטליך־אומצופרידע־נעם.

גוט און בייז, און לוסט און לייד, און איך און דו — פאַר־ביגער רויך פאַר די באַשעפערישע אויגען, — אַזוי האָט דאָס זיך מיר אויסגעדוכט. דער בעשאַפער האָט געוואָלט אַוועק־קוקען פון זיך אַליין, — האָט ער בעשאַפען די וועלט.

עס איז פאר׳שיכור׳נדע לוסט פאר דעם ליידענדען אוועק צו קוקען פון די אייגענע ליידען און זיך צו פארלירען. פאר׳שיכור׳נדע לוסט און זיך־אליין־פארלירען, — אזוי האט מיר אמאל אויסגעדוכט די וועלט.

אט די וועלט, די אייביג אומפולקומע, דער אפבילד — און אן אומפולקומער אפבילד — פון אן אייביגען ווידערשפרוך — א פאר׳שיכור׳נדע לוסט פאר איהם, דעם אומפולקומען בעשאפער: — אזוי האט מיר אמאל אויסגעדוכט די וועלט.

אזוי האב איך אויך אמאל געווארפען מיין שגעון־טרוים אויף יענער זייט מענש, פונקט ווי אלע מענשען פון דער הינטער־וועלט. אויף יענער זייט מענש, — באמת?

אך, איהר ברידער, אט דער גאט, וועמען איך האב בעשאפען, ער איז געוועזן א מענשען־ווערק, א מענשען־משוגעת, ווי אלע געטער!

מענש איז ער געוועזן און נאר אן ארעמער שטיק פון א מענשען און פון אן איך: פון מיין אייגענעם אש און גלוט איז ער ארויסגעקומען, אט דער געשפענסט און — בנאמנות! ער איז ניט געקומען צו מיר פון יענער וועלט!

און וואס האט פאסירט, מיינע ברידער? איך האב מיך גובר געוועזן, דעם ליידענדען, איך האב מיין אש אויף דעם בארג ארויפגעטראגען, א העלערע פלאם האב איך אויסגעטראכט פאר מיר. און זעה! דער געשפענסט איז פארשוואונדען פון מיר!

פאר מיר, וואס האלט אין געזונט־ווערען, וואלט איצטער געוועזן א פיין און א צער, צו גלויבען אין אזעלכע געשפענסטער: א צער און א דערניעדריגונג. אט דאס זאג איך צו די הינטער־וועלט־מענשען.

ליידען זיינען דאס געוועזן און שלאפקייט — אט דאס האט בעשאפען אלע הינטער־וועלטען; און יענע קורצע משוגעת פון גליק, וואס נאר דער אם שטארקסטען ליידענדער לעבט דורך.

איינגעמאטערטקייט, וואס וויל מיט איין שפרונג, מיט איין טויט־שפרונג דערגרייכען דאס לעצטע; אן ארעמע, עם־הארצ׳ישע

איינגעמאַטערטקייט, וואָס האָט שוין קיין ווילען ניט צו וועלען: אָט זי האָט בעשאַפען אַלע געטער און אַלע הינטער־וועלטען.

גלויבט מיר, מיינע ברידער. דאָס איז געווען דער גוף, וואָס האָט זיך מיאש געווען אין דעם גוף, — האָט ער מיט די פינגער פון אַ באַנאַרישטען גייסט געטאַפּט דורך די לעצטע ווענט.

גלויבט מיר, מיינע ברידער! דאָס איז געווען דער גוף, וואָס האָט זיך מיאש געווען אין דער ערד, — האָט ער דערהערט ווי עס רעדט צו איהם דער בויך פון דעם זיין.

און יעמאָלט האָט זיך איהם פאַרוואָלט מיט'ן קאָפּ דורכצור־דרינגען דורך די לעצטע ווענט, — און ניט נאָר מיט'ן קאָפּ, — אַריבערגעהן צו דער „יענער. וועלט".

אָבער „יענע וועלט" איז גוט פאַרבאָרגען פון דעם מענשען, יענע ענטמענשטע אונמענשליכע וועלט, וואָס איז אַ הימעלשער גאָר־נישט, און דער בויך פון דעם זיין רעדט גאָר ניט צו דעם מענשען, סיידען ווי אַ מענש.

בנאמנות, עס איז שווער צו בעווייזען די עקזיסטענץ פון אַ זיין און שווער צו מאַכען עס ריידען. זאָגט מיר, איהר ברידער, איז ניט דאָס וואונדערליכסטע פון אַלע זאַכען אָם בעסטען באַוויזען?

יע, אָט דער „איך" און דעם „איך'ס" ווידערשפּרוך און פאַרפּלאָנטערטקייט, רעדט אויפ'ן עהרליכסטען אופן וועגען זיין זיין, אָט דער שאַפענדער, וועלענדער, באַווערטענדער „איך", וואָס איז די מאָס און דער ווערט פון אַלע זאַכען.

און אָט דאָס עהרליכסטע זיין, דער „איך" — ער רעדט וועגען דעם גוף און וויל האָבען דעם גוף, אפילו יעמאָלט, ווען ער דיכטעט און טרוימט און פלאַטערט מיט צובראָכענע פליגלען.

אַלץ עהרליכער און עהרליכער לערנט זיך אויס רעדען דער „איך" און וואָס מעהר ער לערנט זיך, אַלץ מעהר בכבוד'ע ווער־טער געפינט ער, צו שעצען דעם גוף און די ערד.

אַ נייעם שטאָלץ האָט מיך מיין „איך" געלערנט, איהם לערען איך די מענשען: ניט מעהר אַריינצושטעקען דעם קאָפּ אין דעם

זאמד פון די הימלישע ענינים, נייערט צו טראָגען איהם פריי, דעם ערדען־קאָפּ, וואָס בעשאַפט דעם זין פאַר דער ערד!

א נייעם ווילען לערען איך די מענשען: וועלען יענעם וועג, אין וועלכען דער מענש איז געגאַנגען בלינדערהייט און מסכים זיין צו איהם, און ניט אראָפּקריכען פון איהם אָן א זיים, אַזוי ווי דאָס טוען די קראַנקע און די אָפּשטאַרבענדע.

דאָס זיינען קראַנקע און אָפּשטאַרבענדע, וואָס האָבען מבטל געווען דעם חומר און די ערד און האָבען אויסגעטראַכט „די עולמות העליונים" און די דערלייזענדע טראָפּענס בלוט: אָבער אפילו אויך אָט די זיסע און פינסטערע גיפטען האָבען זיי גענומען פון דעם חומר און פון דער ערד!

פון זייער עלענד האָבען זיי געוואָלט אַנטלויפען, און די שטערען זיינען געווען צו ווייט פאַר זיי. האָבען זיי געזיפצט: „אַה, ווען עס וואָלטען געווען הימלישע וועגען, כדי זיך אריינצוגנב'ענען אין אַן אַנדער זיין און אין א גליק!" יעמאָלט האָבען זיי אויסגעטראַכט זייערע קונצ־שטיקלעך און די בלוטיגע משקאות'לעך.

האָבען זיי, די אומדאַנקבאַרע, געגלויבט, אַז זיי פליהען אוועק פון זייער חומר און זייער ערד. אָבער וועמען האָבען זיי צו דאַנקען פאַר דעם קראַמפּף און דעם תענוג פון זייער אוועקפליהען? זייער חומר און אָט דער ערד.

מילד איז זאַראַטוסטראַ צו אָט די קראַנקע. באמת, ער איז ניט אין כעס פאַר די אופנים פון זייער טרויסט און זייער אומדאַנק. זאָלען זיי אַנהויבען געזונט־ווערען, זאָלען זיי ווערען אריבערשטייגערס און זאָלען זיי שאַפען העכערע לייבער פאַר זיך.

אויך איז זאַראַטוסטראַ ניט אין צאָרן אויף דעם געזונט־ווערענדען, וואָס קוקט צאַרטליך אויף זיין משוגעת און גנבה'ט זיך אין מיטען נאַכט צו דעם קבר פון זיין גאָט: אָבער קראַנקהייט און קראַנקער לייב בלייבען נאָך פאַר מיר זיינע טרערען.

א סך קראַנקהאַפטע לייט זיינען אַלע מאָל געווען צווישען יענע, וואָס זעהען זעהונגען און בענקען נאָך גאָט. מיט גרימצארן

האסען זיי דעם דערקענענדען און יענע אינגסטע פון אלע רעכט־שאפענקייטען, וואס רופט זיך: טרייקייט צו דעם אמת.

זיי קוקען תמיד הינטערווייל׳עכס אויף די טונקעלע צייטען: יעמאלט אבער זיינען משוגעת און גלויבען געווען א גאנץ אנדער זאך. דער טירוף הדעת איז געוועזען גאט־עהנליכקייט, און דער ספק — א חטא.

שוין צו גוט קען איך אט די גאט־עהנליכע: זיי ווילען, מען זאל גלויבען נאר אין זיי און דער ספק זאל זיין א חטא. שוין צו גוט וויים איך אויך, אין וואס זיי אליין גלויבען מעהר פאר אלדעם־דינג.

בנאמנות, ניט אין הינטערוועלטען און דערלייזענדע בלוטס־טראפענס, נייערט אין דעם גוף גלויבען אויך זיי מעהר פאר אלץ, און זייער אייגענער גוף איז פאר זיי זייער זאך־אין־זיך.

אבער ער איז זיי א קראנקהאפטע זאך, און גרייליך וואלטען זיי ארויסשפרינגען פון זייער הויט. דעריבער הערען זיי זיך צו צו די פרעדיגער פון טויט און פרעדיגען אליין הינטער־וועלטען.

בעסער, מיינע ברידער, הערט זיך־צו צו דער שטים פון דעם גוף: דאס איז א ריינערע און דעם אמת טרייערע שטים.

טרייער צו דעם אמת און ריינער רעדט דער געזונטער לייב, דער פולקומער און רעכט־ווינקעליגער, און ער רעדט וועגען דעם זין פון דער ערד. —

אזוי האט גערעדט זאראטוסטרא.

* *
*

## וועגען די, וואס פאראכטען דעם גוף.

צו די פאראכטערס פון דעם לייב וויל איך זאגען מיין ווארט. איך ווינש זיי ניט זיי זאלען פארגעסען, וואס זיי האבען געלערנט, און אנהויבען לערנען די אנדערע אויפס ניי, נייערט זיי זאלען זיך זעגענען מיט זייער לייב — און אויף אזא׳ן אופן אנטשטומען.

„איך בין גוף און נשמה“ — אזוי רעדט א קינד. און פאר וואס זאל מען ניט ריידען ווי די קינדער?

אבער דער אויפגעוועקטער, דער ווייסענדער זאגט: לייב בין איך דורך־און־דורך, און גארנישט־ניט א־חוץ דעם; און נשמה איז א ווארט פאר עפעס, וואס איז אין לייב.

דער לייב איז א גרויסער שכל, א רבים מיט איין זין, א קריעג און א פרידען, א הערד און א פיטערער.

א געצייג פאר דעם לייב איז אויך דיין קליינער שכל, מיין ברודער, וואס דו רופסט איהם „גייסט“, א קליין געצייג און א שפיעל־זאך פאר דיין גרויסען שכל.

„איך“ זאגסטו ארוים און ביסט שטאלץ אויף אט דאס ווארט. אבער די גרעסערע זאך — אין וועלכער דו ווילסט ניט גלויבען — איז דיין לייב און זיין גרויסער שכל: ער זאגט ניט „איך“, ער טוט „איך“.

וואס דער חוש פיהלט, וואס דער גייסט דערקענט, דאס האט ניט זיין ענד אין זיך גופא. אבער חוש און גייסט ווילען דיך איינשמועסען, זיי זיינען דער סוף פון אלע זאכען: אזוי איינגערעדט זיינען זיי.

געצייג און שפיעל־זאך זיינען חוש און גייסט: הינטער זיי ליעגט נאך דער „זעלבסט“. דער זעלבסט זוכט אויך מיט די אויגען פון דעם חוש, ער הערט זיך צו מיט די אויערען פון דעם גייסט.

תמיד הערט זיך צו דער זעלבסט און זוכט: ער פארגלייכט, באהערשט, עראבערט, צושטערט. ער הערשט און איז אויך דער באהערשער פון דעם איך.

הינטער דיינע געדאנקען און געפיהלען, מיין ברודער, שטעהט א מעכטיגער באפעהלער, אן אומבעקאנטער קלוגשאפענער — זיין נאמען איז דער „זעלבסט“. אין דיין לייב וואוינט ער, דיין לייב איז ער.

עס איז דא א סך מעהר שכל אין דיין לייב, איידער אין דיין

בעסטער קלוגשאפט. און ווער קאָן דען וויסען, צו וואָס דיין ליב דאַרף האָבען דיין בעסטע קלוגשאַפטיגקייט?

דיין זעלבסט לאַכט פון דיין איך און פון זיינע שטאָלצע שפּרינג. „וואָס זיינען פאַר מיר יענע שפּרינג און געפליהערייען פון דעם געדאַנק? זאָגט ער זיך. א וועג־אַרום צו מיין ציעל. איך בין די פיהר־שטריק פון דעם איך און דער אריינבלאָזער פון זיינע באגריפען".

דער זעלבסט זאָגט צו דעם איך: „אָט דאָ פיהל שמאַרץ!" און אָט ליידט ער, דער איך, און טראַכט, ווי אזוי אויפהערען צו ליידען — און בפירוש צוליעב דעם זאָל ער טראַכטען.

דער זעלבסט זאָגט צו דעם איך: „אָט דאָ פיהל לוסט"! פרעהט זיך דער איך און טראַכט, ווי אזוי ער זאָל זיך עפטער פרעהען, און בפירוש צוליעב דעם זאָל ער טראַכטען.

צו די פאַראַכטער פון דעם ליב וויל איך זאָגען א וואָרט. זייער פאַראַכטען שטאַמט פון זייער אַכטען. וואָס איז דאָס אזוינס, וואָס האָט בעשאַפען אַכטען און פאַראַכטען און ווערט און ווילען?

דער שאַפענדער זעלבסט האָט זיך בעשאַפען אַכטען און פאַראַכטען, ער האָט זיך בעשאַפען לוסט און וועה. דער שאַפענדער ליב האָט זיך בעשאַפען דעם גייסט, ווי א האַנט פאַר זיין ווילען.

אפילו אין אייער בענאַרישטקייט און פאַראַכטונג, איהר פאַראַכטער פון דעם ליב, דיענט איהר אייער זעלבסט. איך זאָג אייך: אייער זעלבסט אליין וויל שטאַרבען און קערט זיך אָפּ פון'ם לעבען.

ער קאָן ניט מעהר טאָן, וואָס ער וואָלט מעהר פאַר אַלץ געוואָלט: צו שאַפען אריבער זיך אליין. אָט דאָס וויל ער מעהר פאַר אַלץ, דאָס איז זיין גאַנצע תשוקה.

אָבער דאָס איז איצטער געוואָרען צו שפּעט פאַר איהם — איז וויל ער זעלבסט אונטערגעהן, איהר פאַראַכטער פון'ם ליב.

אונטערגעהן וויל אייער זעלבסט, און דעריבער זייט איהר

געוואָרען פאַראַכטער פון דעם לייב! ווייל איהר קאָנט ניט מעהר שאַפען אַריבער זיך אַליין.

און דעריבער זייט איהר אין צאָרן אויף דעם לעבען און אויף דער ערד. אַן אומבאַוואוסטע קנאה ליעגט אין דעם קרומען בליק פון אייער פאַראַכטונג.

איך געה ניט אין אייער וועג, איהר פאַראַכטער פון דעם לייב!

איהר זייט מיר ניט די בריקען צו דעם אויבער־מענש! —

אַזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ.

* *
*

## פריידענשאַפטען און ליידענשאַפטען.

מיין ברודער, האָסטו אַ טוגענד, און דאָס איז ד י י ן טוגענד, איז יעמאָלט האָסטו זי מיט קיינעם ניט בשותפות.

געוויס, דו ווילסט זי אָנרופען מיט איהר נאָמען און זי צערטלען; דו ווילסט זי ציהען פאַר'ן אויער און זיך מיט איהר פאַרוויילען.

און זעה! אָט האָסטו איהר נאָמען בשותפות מיט דעם פאָלק און דו ביזט געוואָרען פאָלק און הערד מיט דיין טוגענד.

עס וואָלט בעסער געווען, דו וואָלסט געזאָגט: „ניט אויסצוּשפּרעכען און אָהן אַ נאָמען איז, וואָס איז די פּיין און די זיסקייט פון מיין נשמה און אויך נאָך דער הונגער פון מיינע אינגעווייד.“

זאָל דיין רעכטשאַפענקייט זיין צו הויך פאַר דער פאַמיליאַריטעט פון נעמען: און אויב דו מוזט ריידען וועגען איהר, איז — שעם זיך ניט צו שטאַמלען.

איז — רייד און שטאַמעל: „דאָס איז מיין גוטס, אָט דאָס ליעב איך, אָט אַזוי געפעלט עס מיר גאַנץ, נאָר אַזוי וויל איך האָבען דאָס גוט.

ניט ווי אַ געזעץ פון גאָט וויל איך עס, ניט ווי אַ מענשענס

געזעץ און א מענשליכע נויט וויל איך עס: עס דארף מיר ניט זיין קיין וועג־ווייזער פאר איבער־ערדען און גן־עדן׳ס.

און ערדישע טוגענד איז דאס, וואס איך ליעב: וועניג שכל איז אין איהר און אם וועניגסטע אלעמענס שכל.

אבער אט דער פויגעל האט געבויט זיין נעסט ביי מיר: דעריי־בער איז ער מיר ליעב און הארציג, — נו, זיצט ער ביי מיר אויף זיינע גילדענע אייער."

אזוי זאלסטו שטאמלען און לויבען דיין רעכטשאפענקייט.

אמאל האסטו ליידענשאפטען געהאט און האסט זיי גערופען בייזקייטען. אבער איצטער האסטו נאר דיינע טוגענדען: זיי זיינען ארויסגעוואקסען פון דיינע ליידענשאפטען.

דו האסט דיין העכסטען ציעל אריינגעפלאנצט אין הארצען פון דיינע ליידענשאפטען: זיינען זיי געווארען דיינע טוגענדען און פריידענשאפטען.

און צי דו ביסט פון די היציג־אויפברויזענדע אדער פון די פאר׳תאוה׳טע אדער פון די פאנאטיש־גלויבענדע אדער פון די נקמה־דארשטענדע:

צום סוף זיינען אלע דיינע ליידענשאפטען געווארען רעכט־שאפענקייטען, און אלע דיינע טייוואלים זיינען געווארען מלאכים.

פריהער האסטו געהאט ווילדע הינט אין דיין קעלער: אבער צום סוף זיינען זיי מגולגל געווארען אין פויגעל און ליעבליכע זינ־גערינס.

פון דיינע גיפטען האסטו דיר א באלזאם אויסגעברויט; דיין קוה שווער־מוט האסטו געמאלקען, — איצטער טרינקסטו די זיסע מילך פון איהרע אייטער.

און קיין בייזקט וואקסט שוין ניט ארויס מעהר פון דיר, סיידען די בייז, וואס וואקסט אין דעם קאמף פון דיינע טוגענדען.

מיין ברודער, אויב דיר גליקט אפ, איז יעמאלט האסטו איין רעכטשאפענקייט און ניט מעהר: אט אזוי געהסטו גרינגער אריבער די בריק.

עס איז זעהר חשוב צו האבען א סך טוגענדען, אבער דאס

איז א שווערער גורל; און ניט איינער איז אין מדבר אוועק און האָט זיך דעם טויט געגעבען, ווייל ער איז מיעד געוואָרען צו זיין די שלאַכט און דער שלאַכט-פעלד פאַר זיינע טוגענדען.

מיין ברודער, איז קריעג און שלאַכט א שלעכטע זאַך? אָבער אָט דאָס שלעכטס איז א נויטווענדיגס; נויטווענדיג איז די קנאה און דער חשד און די לשון-הרע צווישען דיינע טוגענדען.

זעה, ווי יעדווידע רעכטשאַפענקייט דיינע דאָרשט נאָך דעה העכסטער הויך: זי וויל דיין גאַנצען גייסט, כדי ער זאָל ווערען איהר העראָלד, זי וויל דיין גאַנצע קראַפט אין צאָרן, האַס און ליעבע.

אייפערזיכטיג איז איטליכע טוגענד אויף די אַנדערע, און א שרעקליכע זאַך איז אייפערזוכט. אויך טוגענדען קאָנען מחמת אייפערזוכט געהן צו גרונט.

וועמען די פלאַם פון אייפערזוכט נעמט אַרום, יענער דרעהט אום, ווי א סקאָרפיאָן, דעם פאַרגיפטעטען שטעכער אַנטקעגען זיך אליין.

אך, מיין ברודער, האָסטו נאָך קיינמאָל ניט געזעהן קיין טוגענד וואָס זאָל זיך אליין פאַרשווארצען און דערשטעכען?

דער מענש איז עפּעס, וואָס מוז אריבערגעשטיגען ווערען: און דעריבער זאָלסטו ליעבען דיינע טוגענדען, ווייל דורך זיי וועסטו געהן צו גרונט.

אַזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ.

*   *
*

## וועגען דעם בלייכען פאַרברעכער.

איהר ווילט ניט טויטען, איהר שופטים און קרבנות-ברענגער, ביז די חיה האָט ניט איינגעבויגען איהר קאָפּ? זעהט, דער בלייכער פאַרברעכער האָט איינגעבויגען זיין קאָפּ: פון זיין אויג רעדט די גרויסע פאַראַכטונג.

מיין „איך“ איז עפּעס וואָס מוז אריבערגעשטיגען ווערען:

מיין „איך“ איז מיר די גרויסע פאראכטונג פון דעם מענשען: אזוי רײדען צו אונז זיינע אויגען.

דאס, וואס ער האט זיך אליין פאר׳משפט, איז געווען זיין העכסטער אויגען־בליק. לאזט ניט דעם, וואס האט זיך דערהויבען, ער זאל ווידער אראבפאלען אין זיין נידערונג!

עס איז ניטא קיין אנדער דערלייזונג פאר יענעם, וואס ליידט אזוי פון זיך אליין, סיידען דער שנעלער טויט.

אייער טויטען, איהר שופטים, זאל זיין א רחמנות און ניט קיין נקמה. און בעת איהר שיקט צום טויט, זעהט, אז איהר גופא זאלט גערעכטפארטיגען דאס לעבען.

עס איז ניט גענוג, וואס איהר ווערט שלום מיט דעם, וועמען איהר טויט. אייער טרויער זאל זיין ליעבע צו דעם אויבער־מענש: אזוי וועט איהר גערעכטפארטיגען אייער בלייבען לעבען!

א „שונא“ זאלט איהר זאגען, אבער ניט א „רשע“. א „חולה“ זאלט איהר זאגען, אבער ניט א „מנובל“; א „פתי“ זאלט איהר זאגען, אבער ניט „א פושע“.

און דו, רויטער שופט, ווען דו וואלסט בקול רם ארויסגע־זאגט אלץ, וואס דו האסט געטאן אין דיינע געדאנקען: וואלט יעדער איינער געשריען: „אוועק מיט אט דעם מזוהם און אט דעם גיפט־ווארים!“

אבער איין זאך איז דער געדאנק און אן אנדער זאך די טהאט און ווידער אן אנדערעס איז דאס בילד פון דער טהאט. די ראד פון קאוזאליטעט קייקעלט זיך ניט צווישען זיי.

א בילד האט בלייך געמאכט אט דעם בלייבען מענשען. ער איז געווען גלייך הויך געוואקסען מיט דער טהאט, בשעת ער האט זי געטאן: אבער איהר בילד האט ער ניט געקאנט פארטראגען, ווען ער האט זי אפגעטאן.

תמיד האט ער זיך גענומען זעהן, ווי דעם טוער פון נאר איין טהאט. משוגעת רוף איך דאס: די אויסנאם איז פאר איהם גע־ווארען דער גאנצער תוך.

א שטריך פון קרייד פאר׳כשופ׳ט די הוהן; דער טויט־שלאג

וואָס ער האָט דורכגעפיהרט, האָט פאַר׳כשופ׳ט זיין אָרעמען שכל — דאָס רוף איך אָן: די משוגעת נאָך דער טהאַט.

הערט, איהר שופטים! עס איז נאָך דאָ אַן אַנדער משוגעת — און די קומט א י י ד ע ר דער טהאַט. אָך, איהר זענט נאָך ניט טיעף גענוג אַריינגעדרונגען אין זיין נשמה.

זאָגט דער רויטער שופט: „צוליעב וואָס דען האָט דער רוצח בלוט פאַרגאָסען? רויבען האָט ער געוואָלט". אָבער איך זאָג אייך: זיין נשמה האָט געוואָלט בלוט, ניט גזלה: ער האָט געדאַרשט נאָך דעם גליק פון דעם מעסער!

זיין אָרעמער שכל האָט אָבער ניט פאַרשטאַנען יענע משוגעת און האָט איהם געגומען איינשמועסען: „וואָס טויג וועמען בלוט! האָט ער איהם געזאָגט. ווילסטו ניט לפּחות דערביי עפּעס צו־גזלנ׳ען? נקמה נעמען?"

און ער האָט זיך צוגעהערט צו זיין אָרעמען שכל: ווי בליי זיינען געלעגען אויף איהם זיינע רייד, — האָט ער גע׳גזל׳ט, בעת ער האָט גע׳רצחנ׳ט. ער האָט זיך ניט געוואָלט שעמען פאַר זיין משוגעת.

און איצטער ליעגט ווידער דאָס בליי פון זיין שולד אויף איהם, און ווידער איז זיין אָרעמער שכל אַזוי פאַרגליווערט, אַזוי פּאַראַליזירט, אַזוי שווער.

וואָלט ער נאָר געקאָנט דעם קאָפּ א שאָקעל טאָן, וואָלט זיך זיין לאַסט אַראָפּגעקייקעלט. אָבער ווער קאָן א שאָקעל טאָן זיין קאָפּ?

וואָס איז אָט דער מענש? א הויפען קראַנקהייטען, וואָס רייסען זיך־דורך דורך זיין גייסט אין דער וועלט אַריין: דאָרטען ווילען זיי רויבען זייער רויב.

וואָס איז אָט דער מענש? א קנויל ווילדע שלאַנגען, וואָס קאָנען זעלטען זיין אין רוה צווישען זיך, — געהען זיי אַוועק, יעדע פאַר זיך, און זוכען אין דער וועלט זייער רויב.

קוקט א קוק אויף אָט דעם אָרעמען לייב! וואָס ער האָט געליטען און באַגערט, דאָס האָט אויסגעטייטשט זיין אָרעמע

נשמה, — זי האָט דאָס אויסגעטייטשט ווי רציחה־לוסט און הייס־הונגער נאָך דעם גליק פֿון דעם מעסער.

ווער עס ווערט איצטער קראַנק, אויף יענעם פאַלט אָן דאָס בייז, וואָס ווערט איצטער גערעכענט פאַר דאָס בייז. ער זוכט וועה צו טהאָן מיט דעם, וואָס איהם טוט וועה. אָבער אַמאָל זיי־נען געוועזן אַנדערע צייטען מיט אַן אַנדער בייז און גוט.

אַמאָל איז דער ספק און דער ווילען צו זיין אַ זעלבסט געוועזן דאָס בייז. יעמאָלט איז דער קראַנקער געווען אַ כופר בעיקר און די קראַנקע — אַ מכשפה. ווי אַ כופר און אַ מכשפה האָבען זיי געליטען און האָבען געוואָלט ברענגען ליידען.

אָבער דאָס וויל ניט אַריינדרינגען אין אייערע אויערען: איהר זאָגט מיר, דאָס וועט ברענגען שאָדען אייערע גוטע לייט. אָבער וואָס זאָלען מיך אַרען אייערע גוטע לייט?

אַ סך זאַכען אין אייערע גוטע לייט שלאָגען מיר צו דער גאַל, און בנאמנות ניט דאָס בייז אין זיי. איך וואָלט געוואָלט, זיי זאָלען האָבען אַ משוגעת, דורך וועלכער זיי זאָלען געהן צו גרונט, אַט ווי דער בלייכער פאַרברעכער.

בנאמנות, איך וואָלט געוואָלט, זייער משוגעת זאָל זיך רופען אמת אָדער טרייקייט אָדער יושר: אָבער זיי האָבען זייער טו־גענד צוליעב אריכת ימים אין אַ נעבעכדיגער צופרידענקייט מיט זיך גופא.

איך בין אַ שטאַכעט ביי דעם ברעג פון אַ שטראָם: כאַפּט זיך אָן מיר, ווער עס קאָן זיך אָנכאַפּען! קיין קוליע פאַר אייך אָבער בין איך ניט.

אַזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ.

* *
*

## וועגען שרייבען און לייענען.

פון אלץ וואס איז געשריבען געוואָרען, ליעב איך נאָר דאָס, וואָס איינער שרייבט מיט זיין בלוט. שרייב מיט בלוט: און דו וועסט געפינען, אז בלוט איז גייסט.

עס איז ניט אזוי גרינג צו פארשטעהן פרעמד בלוט: איך האס די וואס לעבען פון אומגעהן שלינג־און־שלאנג.

ווער עס איז בעקאנט מיט דעם לעזער, דער וועט גארנישט ניט טאָן צוליעב דעם לעזער. נאָך א יאָהרהונדערט לעזער — און דער גייסט גופא וועט אָנהויבען אויר'ן.

דאָס וואס יעדער איינער מעג זיך לערנען לעזען, פארדארבט מיט דער צייט ניט נאָר דאָס שרייבען, נאָר אויך דאָס דענקען.

אמאָל איז דער גייסט געוועזן גאָט. דערנאָך איז ער געוואָרען א מענש, און איצטער ווערט ער שוין דער המון־עם.

ווער עס שרייבט מיט בלוט און אין שפּרוכען וויל ניט געלע־זען ווערען, נאָר אויסגעלערנט ווערען אויף אויסווענינ.

אין די בערג איז דער נאָהענטסטער וועג — פון שפּיץ־בארג צו שפּיץ־בארג: אָבער דערצו מוז מען האָבען לאנגע פיס. שפּרוכען זאָלען ווי בארג־שפּיצען זיין: און די, צו וועמען מען רעדט, זאָלען זיין גרויס און הויך געוואקסען.

די לופט — דין און ריין, די געפאהר נאָהענט און דער גייסט פול פון פרעהליכער בייזקייט: אזוי פאסט זיך דאָס איינס צו דעם אנדערן.

איך וויל האָבען קונדסים־רוחות ארום מיר, ווייל איך בין מוטיג. דער מוט, וואס פארטרייבט די געשפּענסטער, שאפט זיך אליין בארג־קונדסים, — דער מוט וויל לאכען.

איך פיהל ניט מעהר אין איינעם מיט אייך: אָט דער וואָלקען, וואס איך זעה אונטער מיר, אָט די שווארצקייט און שווערקייט, וואס איך לאך פון זיי, — דאָס גראָד איז אייער שטורעם־וואָלקען.

איהר קוקט אַרויף אין דער הויך, ווען איהר שטרעבט צו דער־הויבונג. און איך קוק אַראָפּ ווייל איך בין אין דער הויך.

ווער פון אייך קאָן אין איין צייט אי לאַכען, אי זיין דער־הויבען?

ווער עס שטייגט אויף די העכסטע בערג, יענער לאַכט פון אַלע טרויער־שפּיעלען און טרויער־ערנסטען.

גאָר־אָהן־דאגות, פול מיט שפּאָט, גוואַלד־מעטיג, — אזוי וויל אונז האָבען די קלוגשאַפּענקייט: זי איז א ווייבס־פּארשוין און האָט תמיד ליעב נאָר דעם קריעגס־מאַן.

איהר זאָגט מיר: „שווער צו טראָגען דאָס לעבען". אָבער אויף וואָס האָט איהר אייער שטאָלץ אין דעם פריה־מאָרגען און אייער הכנעה אין אָוועגט?

דאָס לעבען איז שווער צו טראָגען. אָבער מאַכט זיך דאָך ניט אזוי פּאַרצערטעלט! מיר זיינען אַלע אינאַיינעם היבשע לאַסט־טראָגענדע אייזלען און אייזעלינען.

וואָס גלייכען מיר זיך צו דער קנאָספּע פון א רויז, וואָס ציטערט, ווייל א טראָפּען טוי ליעגט אויף איהר לייב?

ס'איז אמת, מיר ליעבען דאָס לעבען, ניט ווייל מיר זיינען געוואוינט צו לעבען, נאָר ווייל מיר זיינען געוואוינט צו ליעבען.

עס איז אַלע מאָל דאָ א ביסעל משוגעת אין דער ליעבע. עס איז אָבער אויך תמיד א ביסעל שכל אין דער משוגעת.

און אויך מיר, וואָס איך בין גוט־פריינד מיט'ן לעבען, דוכט זיך, אז די זומער־פויגעלאך און די זייפען־בלאָזען און די אנדערע פון זייער מין צווישען מענשען, ווייסען מעהר פאַר אַלעמען, וואָס אזוינס גליק איז.

צזזעהן, ווי עס פלאַטערען אָט די לייכטע, בענאַרישטע, באַ־צירטע, לעבעדיגע קליינע נשמה'לעך — דאָס ברענגט זאראַטוס־טרא'ן צו טרערען און ליעדער.

איך וואָלט געגלויבט נאָר אין אזא גאָט, וואָס וואָלט גוט גע־קאָנט טאַנצען.

און ווען איך האָב דערזעהן מיין טייוועל, האָב איך ...

געפונען ערנסט, גרינטליך, טיעף, שבת־קודש׳דיג, דאָס איז דער גייסט פון שווערקייט, — א דאנק איהם פאַלען אַלע זאַכען צו דער ערד.

ניט מיט צאָרן, מיט לאַכען דער׳הרג׳עט מען. שטעהט אויף, לאָמיר דער׳הרג׳ענען דעם גייסט פון שווערקייט.

איך האָב מיך אויסגעלערנט געהן—זינט יעמאָלט לאָז איך מיך לויפען. איך האָב מיך אויסגעלערנט פליהען — זינט יעמאָלט, דאַרף מען מיך ניט א שטויס טאָן, איך זאָל מיך ריהרען פון אָרט.

איצטער בין איך לייכט, איצטער פליה איך, איצטער זעה איך מיך אונטער זיך, איצטער טאַנצט א גאָט דורך מיר.

אזוי האָט גערעדט זאראטוסטרא.

*　　*
*

## וועגען דעם בוים אויפ׳ן באַרג.

זאראטוסטרא׳ס אויג האָט געזעהען, ווי א יונגער בחור ווייכט איהם אויס. און ווען ער איז אמאָל אין אָוונט ארומגעגאַנגען אַליין אין די בערג, וואָס רינגלען אַרום די שטאָדט, וועלכע מען רופט „די ראָבע קוה“, האָט ער דערזעהן: ערשט דער יונגער בחור זיצט אָנגעלעהנט אָן א בוים און קוקט אַראָפּ מיט מיעדע בליקען אין דעם טאָל. זאראטוסטרא האָט אָנגענומען דעם בוים, ביי וועלכען דער בחור איז געזעסען, און האָט אזוי געזאָגט:

„ווען איך וואָלט געוואָלט טרייסלען אָט דעם בוים מיט מיינע הענד, איך וואָלט דאָס ניט געקאָנט.

אָבער דער ווינט, וואָס מיר זעהען איהם ניט, ער פּייניגט און בויגט איהם, וואוהין ער וויל. מיר ווערען נאָך ערגער געבויגען און געפּייניגט פון פאַרבאָרגענע הענט“.

האָט זיך דער יונגער בחור פאַר׳חדוש׳ט אויפגעהויבען און האָט געזאָגט: „איך הער זאראטוסטרא׳ס קול און איך האָב נאָך וואָס געטראַכט וועגען איהם.“ זאראטוסטרא האָט געענטפערט:

„איז, וואָס האָסטו זיך דערשראָקען?
עס איז מיט דעם מענשען, ווי מיט דעם בוים;
וואָס מעהר ער קלעטערט ארויף אין דער הויך און אין דער־ליכטיג, אלץ שטארקער שטרעבען זיינע ווארצלען צו דער ערד־צו, אראָב־צו, אין דער טונקעל, אין דער טיעף, — אין דאָס בייז“.

„יע, אין דאָס בייז! האָט אויסגערופען דער בחור. ווי אזוי איז דאָס מעגליך, וואָס דו האָסט אנטפּלעקט מיין נשמה?“

זאראטוסטרא האָט א שמייכעל געטאָן און האָט געזאָגט:
„פאראן נשמות, וואָס מען קאָן קיין מאָל ניט אנטפּלעקען, סיידען מען זאָל זיי פריהער ערפינדען.“

„יע, אין דאָס בייז! — האָט דער בחור נאָך אמאָל אויס־גערופען.

דו האָסט געטראָפען דעם אמת, זאראטוסטרא. איך גלויב אין זיך אליין ניט מעהר, זינט איך שטרעב צו דער הויך, און קיינער גלויבט אין מיר ניט מעהר, — ווי אזוי קומט דאָס?

איך פארוואנדעל מיך צו שנעל. מיין היינט איז סותר מיין נעכטען. איך שפּרינג אריבער אָפט די טרעפּלעך, איבער וועלכע איך שטייג, — דאָס וויל מיר קיין טרעפּעל ניט מוחל זיין.

בין איך אויבען, בין איך תמיד אליין. קיינער רעדט מיט מיר ניט, און דער פראָסט פון איינזאמקייט מאַכט מיך ציטערען. וואָס דארף איך דאָ אין דער הויך?

מיין פאראכטונג און מיין בענקשאַפט וואקסען אין איינעם. וואָס העכער איך שטייג, אלץ מעהר פאראכט איך דעם, וואָס שטייגט. וואָס זוכט ער דאָ אין דער הויך?

ווי שעהם איך מיך פאַר מיין שטייגען און שטרויכלען! ווי בעשפּאָט איך מיין העפטיגען שווערען אָטעמען! ווי האָס איך דעם, וואָס פליהט! ווי מיעד בין איך אין דער הויך!“

דאָ איז דער יונגער בחור אנטשוויגען געוואָרען, און זאראַ־טוסטרא האָט בעטראכט דעם בוים, ביי וועלכען זיי זיינען גע־שטאַנען, און האָט אזוי געזאָגט:

אַט דער בוים שטעהט איינזאַם דאָ אין די בערג; ער איז אַרויסגעוואַקסען הויך איבער מענש און חיה.

און ווען ער וואָלט רייךען געוואָלט, וואָלט ער קיינעם ניט געהאַט, ווער עס זאָל איהם פאַרשטעהן: אַזוי הויך איז ער אויסגעוואַקסען.

נו — וואַרט ער און וואַרט, — אויף וואָס וואַרט ער דאָך? ער וואוינט צו נאָהענט צו דעם זיץ פון די וואָלקענס: וואַרט ער אפשר אויף דעם בליץ?"

ווען זאַראַטוסטרא האָט דאָס געזאָגט, האָט דער יונגער בחור אויסגערופען מיט העפטיגע זשעסטען: „יע, זאַראַטוסטרא, ס'איז אמת, וואָס דו זאָגסט. נאָך מיין אונטערגאַנג האָב איך געבענקט בעת איך האָב געשטרעבט אין דער הויך, און דו ביסט דער בליץ, אויף וועלכען איך האָב געוואַרט! זעה, וואָס בין איך נאָך אַזוינס, זינט דו האָסט זיך באַוויזען צווישען אונז. די קנאה צו דיר, — אַט דאָס האָט געמאַכט פון מיר אַ תל."

אַזוי האָט גערעדט דער בחור און האָט ביטער געוויינט. זאַראַטוסטרא אָבער האָט אַרויפגעלייגט זיין אָרעם אויף איהם און האָט איהם אַוועקגעפיהרט מיט זיך.

און ווען זיי זיינען אַ ווילע געגאַנגען אין איינעם, האָט זאַראַטוסטרא אָנגעהויבען צו ריידען, אַזוי צו זאָגען:

„עס צורייסט מיר מיין האַרץ. בעסער איידער דיינע רייד, דערצעהלט מיר דיין אויג וועגען דיין גאַנצער געפאַהר.

נאָך ביסטו ניט פריי, דו זוכסט ערשט די פרייהייט.

צו איבערוואַך האָט דיך געמאַכט דיין זוכען און האָט ביי דיר אַוועקגענומען דעם שלאָף.

דו ווילסט אין די פרייע הויך, נאָך שטערען דאָרשט דיין נשמה. אָבער אויך דיינע ערגסטע אימפולסען דאָרשטען נאָך פרייהייט.

דיינע ווילדע הינט ווילען אין די פריי; זיי בילען אויס לוסט אין זייער קעלער, בשעת דיין גייסט טראַכט ווי צו עפענען אַלע תפיסה'ס.

דו ביסט נאָך — מיר דוכט — א געפאַנגענער, וואָס טרוימט נאָר וועגען פרייהייט פאַר זיך: אָך, די נשמה פון אזעלכע געפאַנ־גענע ווערט קלוג אָבער אויך שלאַנגיג און שלעכט.

אויך דער בעפרייטער אין גייסט דאַרף זיך רייניגען. א סך געפענגנים און קויט בלייבט נאָך אין איהם; זיין אויג דאַרף נאָך ערשט ווערען ריין.

יע, איך ווייס דיין געפאַהר. אָבער איך באַשווער דיך ביי מיין ליעבע און מיין האָפענונג: וואַרף ניט אַוועק דיין ליעבע און דיין האָפענונג.

איידעל פיהלסטו דיך נאָך און איידעל פיהלען דיך נאָך די אַנדערע, וואָס זיינען ברוגז אויף דיר און וואַרפען דיר נאָך בייזע בליקען. זיי וויסען, אז אַלעמען אין וועג שטעהט אַן איידעלער מענש.

אויך פאַר די גוטע מענשען שטעהט אַן איידעלער אין וועג. און אפילו ווען זיי רופען איהם אַ גוטער מענש, ווילען זיי איהם דורך דעם אָפּרוקען אַן אַ זייט.

נייע זאַכען וויל דער איידעלער שאַפען און אַ נייע רעכטשאַ־פענקייט. אַלטע וויל דער גוטער, און אַז דאָס אַלטע זאָל בלייבען אָפגעהיט ווי געוועזען.

אָבער ניט אין דעם איז די געפאַהר פאַר דעם איידעלען, וואָס ער קאָן ווערען אַ גוטער, נייערט וואָס ער קאָן ווערען אַ חצוף, אַ חוזק־מאַכער, אַ צושטערער.

אָך, איך האָב געקענט איידעלע, וואָס האָבען פאַרלאָרען זייער העכסטע האָפענונג און דערנאָך האָבען זיי גענומען פאַרשווארצען אַלע הויכע האָפענונגען.

האָבען זיי אָנגעהויבען לעבען חוצפה׳דיג, אין קורצווייליגע תענוגים און זייערע ציעלען האָבען קוים געקלעקט אויף אַ טאָג.

„גייסט איז אויך נאָר תאוה־לוסט“ — אזוי האָבען זיי גע־זאָגט. יעמאָלט זיינען צובראָכען געוואָרען די פליגלען ביי זייער גייסט: נו, קריעכט ער אַרום און באַשמוצט אַלץ וואָס ער נאָגט.

אַמאָל האָבען זיי געטרוימט צו ווערען העלדען. בעלי־תאוה

זיינען זיי איצטער. א צאָרן און אַן אימה איז זיי איצטער דער־העלד.

אָבער ביי מיין ליעבע און מיין האָפענונג באַשוועהר איך דיך: היט אָפּ אין דיין נשמה דעם העלד! האַלט הייליג דיין העכסטע האָפענונג!"

אַזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ.

* *
*

## די, וואָס פּריידיגען דעם טויט.

עס זיינען דאָ פּריידיגער פון דעם טויט: און די ערד איז פול מיט אַזעלכע, וועמען מען מוז פּריידיגען, זיי זאָלען זיך אָפּ־קערען פון לעבען.

פול איז די ערד פון איבעריגע, פאַרדאָרבען איז דאָס לעבען דורך די פיעל־צו־פיעלע. הלואי נאַרט מען זיי אַוועק פון דעם לעבען מיט דעם „אייביגען לעבען"!

„געלע", אַזוי רופט מען די פּריידיגער פון טויט, אָדער „שוואַרצע". אָבער איך וועל זיי אַרויספיהרען נאָך אין אַנדערע פאַרבען.

אָט זיינען די מאוים'דיגע, וואָס טראָגען אַרום אין זיך די חיה־רעה און האָבען קיין אַנדער ברירה ניט: אָדער תאוה־לוסט אָדער פּייניגען דעם אייגענעם גוף. און זייערע תאוה־לוסטען זיי־נען אויך אַ צורייסען פון דעם אייגענעם פלייש.

זיי זיינען נאָך גאָר ניט געוואָרען קיין מענשען, אָט די מאוים'דיגע: זאָלען זיי פּריידיגען דעם אָפּקער פון לעבען און זאָלען זיי זיך אַליין אָפּטראָגען!

אָט זיינען מענשען מיט דעריגע נשמות: קוים זיינען זיי געבאָרען, אַזוי הויבען זיי שוין אָן צו שטאַרבען. זיי בענקען נאָך די לעהרען פון איינגעמאַטערטקייט און בטול־היש.

זיי ווילען גריילעך טויט זיין, און מיר זיינען מסכים מיט:

זייער ווילען! לאָמיר זיך היטען, אויפצואוועקען אָט די מתים און אויפצוברעכען אָט די לעבעדיגע טרונעס.

באַגעגענען זיי נאָר א קראַנקען, אָדער אַן אַלטען מאַן, אָדער א לויה; באַלד זאָגען זיי: „דאָס לעבען איז אָפּגעפרעגט“.

אָבער נאָר זיי זיינען אָפּגעפרעגט און זייערע אויגען וואָס זעהען נאָר א י י ן אויסבליק אין זייער זיין אויף דער וועלט. איינגעוויקעלט אין טיעפער מרה־שחורה, און להוט נאָך די קליינע צופאַלען, וואָס ברייגגען דעם טויט, אזוי וואַרטען זיי מיט פאַרקלאַמערטע צייהן.

אָדער גאָר: זיי נעמען זיך פאַר צוקערלעך און דערביי שפּאָטען זיי פון זייער קינדעריי: זיי האַלטען זיך אָן א שטרויעלע לעבען, און שפּאָטען, וואָס זיי האַלטען זיך נאָך אָן א שטרויעלע.

זייער קלוגשאַפּענקייט רעדט אזוי: א שוטה איז דער, וואָס בלייבט ביים לעבען, אָבער מיר זיינען שוטים! און דאָס איז די גרעסטע שטות אין דעם לעבען!

„ס'לעבען איז נאָר ליידען“ זאָגען אַנדערע און לייגען ניט:
איז — זעהט דאָך, אַז א י ה ר זאָלט אויפהערען צו ליידען.
איז — זעהט דאָך, אַז עס זאָל אויפהערען א לעבען, וואָס איז נאָר ליידען!

און אזוי זאָל זיין די לעהרע פון אייער רעכטשאַפּענקייט: „דו זאָלסט דיך אַליין ממית'ן! דו זאָלסט דיך אַליין אוועקגנב'ענען פון זיך.“

„תאוה־לוסט איז א זינד, — זאָגען אייניגע פון די טויט־פריידיגער, — לאָמיר אוועקגעהן אָן א זייט און ניט פרוכפּערן קיין קינדער“.

„געבוירען איז א טרחא, — זאָגען די אַנדערע, — צו וואָס נאָך געבוירען? מען געבוירט נאָר אומגליקליכע!“ — אויך זיי זיינען פריידיגער פון טויט.

„מען מוז רחמנות האָבען — זאָגען די דריטע. נעמט אַלץ, וואָס איך האָב! נעמט אַלץ, וואָס איך בין! אויף אזוי פיעל ווענינגער וועל איך זיין געבונדען צום לעבען!“

[illegible]טען [illegible] [illegible]ען בארמהארציג פון גרונט אויס, וואָלטען זיי געדאַרפט דעם אנדערן'ס לעבען פאַרביטערען: שלעכט זיין, — דאָס וואָלט געווען זייער ריכטיגע גוטסקייט.

אָבער זיי ווילען פטור ווערען פון לעבען: זייער דאגה, וואָס זיי בינדען די אנדערע נאָך פעסטער מיט זייערע, קייטען און מתנות! —

און אויך איהר, פאַר וועמען דאָס לעבען איז ווילדע אַרבייט און אומרוה, זייט איהר ניט זעהר מאַט פון לעבען? זייט איהר שוין ניט צייטיג פאַר די פריידיגער פון טויט?

איהר אַלע, וועמען עס איז ליעב די ווילדע אַרבייט און דאָס רעש'יגע נייע, פרעמדע, איהר זייט זיך אַליין א לאַסט.

אייער התמדה איז וועלען אנטלויפען, וועלען פאַרגעסען זיך אַליין.

וואָלט איהר מעהר געגלויבט אין לעבען, וואָלט איהר זיך ווייניגער אָוועקגעגעבען דעם אויגענבליק. אָבער צו וואַרטען האָט איהר ניט גענוג אינהאַלט אין זיך — און אפילו ניט גענוג פוילען־זיך.

אומעטום קלינגט די שטים פון די, וואָס פריידיגען דעם טויט: און די ערד איז פול מיט אזעלכע, וועמען עס מוז געפּרעדיגט ווערען דער טויט;

אָדער „דאָס אייביגע לעבען", — דאָס איז פאַר מיר קיין חלוק ניט, — אבי זיי זאָלען זיך וואָס שנעלער אָפּטראָגען!

אזוי האָט גערעדט זאראַטוסטרא.

* *
*

## קריעג און קריעגס־לייט.

מיר וועלען ניט ווערען געשוינט פון אונזערע בעסטע פיינד, און אויך ניט פון יענע וואָס מיר ליעבען זיי פון גרונט־הארצען. איז — לאָזט מיך אייך זאָגען דעם אמת.

מיינע ברידער אין קריעג! איך ליעב אייך פון גרונט האר־

צען. איך בין, און בין אלעמאל געווען, אייערס א גלייכע. און איך בין אויך זייער בעסטער פיינד. איז — לאזט מיך אייך זאגען דעם אמת.

איך ווייס די שנאה און קנאה פון אייער הארצען. איהר זייט ניט גענוג גרויס, ניט צו קאנען קיין שנאה און קנאה. איז — זייט דאך גענוג גרויס, ניט צו שעמען זיך מיט זיי!

און אויב איהר קאנט ניט זיין די קדושים פון דער דערקענטניס, איז זייט וועניגסטענס איהרע קריעגסלייט. דאס זיינען די מיט־פאהרער און די פארלויפער פון אזא הייליגקייט.

איך זעה א סך סאלדאטען: איך וואלט געוואלט זעהן א סך קריעגס־לייט. „אוניפארם", „איין־פארם", רופט מען דאס, וואס זיי טראגען: הלואי איז דאס ניט קיין איין־פארם דאס, וואס זיי פארדעקען דערמיט.

איהר זאלט מיר זיין אזוינע, וועמעס אויג עס זוכט תמיד דעם פיינד — א י י ע ר פיינד. און ביי איינינגע פון אייך וואכט אויף די שנאה ביי דעם ערשטען בליק.

אייער פיינד זאלט איהר זוכען, אייער קריעג זאלט איהר פיהרען, און צוליעב אייערע געדאנקען! און ווען אייער געדאנק ווערט געשלאגען, זאל אייער עהרליכקייט נאך אויסרופען דעם טריאומף.

איהר זאלט ליעב האבען דעם שלום, ווי א מיטעל צו נייע מלחמות. און א קורצען שלום מעהר איידער א לאנגען.

מיין עצה פאר אייך איז ניט די ארבייט, נייערט דער קאמף. מיין עצה פאר אייך איז ניט דער שלום, נייערט דער זיעג. אייער ארבייט זאל זיין א קאמף, אייער שלום זאל זיין א זיעג!

שווייגען און זיצען שטיל קאן מען נאר יעמאלט, ווען מען זהאלט דעם פייל־און־בויגען אין די הענט: אז ניט פלאפעלט מען און מען קריעגט זיך. אייער שלום זאל זיין א זיעג!

איהר זאגט, די גוטע זאך הייליגט אפילו דעם קריעג? איך זאג אייך: דער גוטער קריעג הייליגט יעדע זאך.

קריעג און קוראזש האבען אויפגעטאן מעהר גרויסע זאכען

איידער די ליעבע צום צוויי‫ט‬ען. נים אייער רחמנות,
ער מוטיגקייט האָט ביזאהער גערעטעט די אומגליקליכע.

וואָס איז גוט? מוטיג זיין איז גוט. לאָזען זיך די קליינע מיידלעך ריידען: „גוט זיין איז, וואָס איז היבש און אין דערזעל־בינער צייט ריהרענד".

מען רופט אייך הארצלאָזע. אָבער אייער הארץ איז עכט און איך ליעב די פארשעמטקייט פון אייער הארצליכקייט. איהר שעמט זיך מיט אייער צופלום און אנדערע שעמען מיט זייער אָפפלוס.

איהר זיים העסליך? נו — מילא, מיינע ברידער! טוט אָן ארום אייך דאָס דערהויבענע, דעם מאנטעל פאר דאָס העסליכע!

און ווען אייער נשמה ווערט גרויס, ווערט זי איבער־מוטיג און אין אייער דערהויבענקייט איז ביי‫ז‬קייט. איך קען דאָך אייך.

אין דער בייזקייט באגעגענט זיך דער איבער־מוטיגער מיט דעם חלוש. אָבער זיי פארשטעהען נים איינער דעם אנדערען. איך קען דאָך אייך.

איהר זאָלט האָבען נאָר אזוינע פיינד, וואָס צום האסען, אָבער נים אזוינע, וואָס צום פאראכטען. איהר מוזט זיין שטאָלץ אויף אייערע פיינד: יעמאָלט וועלען די ערפאָלגען פון אייערע פיינד זיין אויך אייערע ערפאָלגען.

מורד זיין אין דעם האר — דאָס איז די גדלות פון דעם שקלאוו. אייער גדלות זאָל זיין — פאָלגען! אייער באפעהלען נופא זאָל זיין א פאָלגען.

דעם גוטען קריעגסמאן קלינגט דער „דו זאָלסט" אנגענעמער איידער דער „איך וויל". און אלע, וואָס אייך איז ליעב, זאָלט איהר זיך פריהער לאָזען באפעהלען.

אייער ליעבע צום לעבען זאָל זיין די ליעבע צו אייער העכס־טער האָפענונג און אייער העכסטע האָפענונג זאָל זיין דער העכס־טער געדאנק פון דעם לעבען.

אייער העכסטען געדאנק אָבער זאָלט איהר זיך לאָזען באפעה־לען פון מיר — און ער הייסט: מענש איז עפּעס אזוינס, וואָס דארף אריבערגעשטיגען ווערען.

אזוי לעבט אייער לעבען פון פאלגען און פון קריעג! וואס פאר א באטרעף האט דאס אריכת־ימים! וועלכער קריעגסמאן וויל מען זאל איהם שוינען!

איך שוין אייך נים, איך ליעב אייך פון גרונט־הארצען, מיינע ברידער אין קריעג!

אזוי האט גערעדט זאראטוסטרא.

* *
*

## דער נייער אפגאט.

ערגעץ־וואו זיינען נאך דא פעלקער און הערדען, אבער נים ביי אונז, מיינע ברידער: דא האבען מיר שטאאטען.

שטאאט? וואס איז דאס אזוינס? איז גוט עפענט נאר אויף אייערע אויערען, ווייל איצטער זאג איך מיין ווארט וועגען דעם טויט פון די פעלקער.

א שטאאט הייסט די קאלטעסטע פון אלע קאלטע פארקוקער־נישען. קאלט לאיגט זי אייך אן. און דאס איז דער שקר, וואס קריכט פון איהר מויל: „איך, דער שטאאט, בין דאס פאלק".

כזב ושקר! שאפענדע זיינען דאס געווען, וואס האבען בע־שאפען די פעלקער און האבען ארומגעהאנגען ארום זיי א גלויבען און א ליעבע: אזוי האבען זיי געדיענט דעם לעבען. צושטערער זיינען דאס, וואס שטעלען אוועק פאנג־פאלען פאר די פיעלע און רופען דאס שטאאט: זיי העגגען זיי ארום א שווערד און הונדערט תאוות.

וואו עס איז נאך דא א פאלק, פארשטעהט עס נים דעם שטאאט און האסט איהם ווי א בייזען בליק און א זינד אנטקעגען די מנהגים און די רעכטען.

אט דעם סימן גיב איך אייך: איטליך פאלק האט זיין לשון פאר גוט און בייז, דער שכן פארשטעהט איהם נים. זיין לשון האט ער זיך ערפונדען אין מנהגים און רעכטען.

דער שטאאט אבער לאיגט אין אלע לשונות פאר גוט און

בייז; און וואָס ער זאָל ניט ריידען, לאַיגט ער, און וואָס ער זאָל ניט האָבען, גע'גנב'עט האָט ער עס.

פאַלש איז אַלץ אין איהם; מיט גע'גנב'עטע צייהן בייסט ער, דער בייסיגער. פאַלש אין איהם זיינען אפילו די אינגעווייד זיינע.

א שפּראַך־צומישעניס פון גוט און בייז: אָט דעם סימן גיעב איך אייך, ווי דעם סימן פון דעם שטאַאט. באמת, דער סימן טייט אָן אויף דעם ווילען צו טויט! באמת, ער ווינקט צו די פּרעדיגער פון טויט!

פיעל־צו־פיעלע ווערען געבוירען: פאַר אָט די, וואָס זיינען איבעריג, האָט מען דעם שטאַאט ערפונדען.

קוקט נאָר אָן, ווי ער נאַרט זיי אַריין צו זיך, די פיעל־צו־פיעלע! ווי ער שלינגט זיי איין און קייט זיי און איז מעלה־גרה.

„אויף דער ערד איז ניטאָ קיין גרעסערע זאַך, איידער איך: איך בין דער רעגולירענדיגער פינגער פון גאָט" — אַזוי ברילט די ווילדע בריאה. און ניט נאָר לאַנג־גע'אויערטע און קורץ־גע'אויגטע פאַלען אויף זייערע קניע!

אַך, אויך אין אייך, איהר גרויסע נשמות, סוחט ער אַריין זיינע פינסטערע ליגענס! אַך, ער געפינט אויס די רייכע הערצער, וואָס ווילען זיך גערן פאַרשווענדען!

יאָ, אויך אייך געפינט ער אויס, איהר באַזיעגער פון דעם אַלטען גאָט! מיעד זייט איהר געוואָרען אין קאַמף, און איצטער דיענט איהר מאַטקייט דעם נייעם אָפּגאָט!

העלדען און ערליך־בכבוד'ע ווילט וואָלט ער געוואָלט אַרום־שטעלען אַרום זיך, דער נייער אָפּגאָט. גערן זונט זי זיך אין דעם זונען־שיין פון גוטע געוויסענס, — די קאַלטע פאַרקוקעניש: אַלץ וויל ער א י י ך געבען, ווען א י ה ר זאָלט זיך נאָר בוקען צו איהם, דער נייער אָפּגאָט: אויף אַזוי אַרום קויפט ער זיך דעם גלאַנץ פון אייער העכשאַפּענקייט און דעם בליק פון אייערע שטאָלצע אויגען.

די פיעל־צו־פיעלע וויל ער אַריינפאַנגען מיט אייך, יאָ, א

גיהנום־קוויט שטיק איז דאָ אויסגעטראַכט געוואָרען, א טויטען־פעקל קלימפּערט מיט דעם פּוץ פון געטליכע עולם.

יע, א שטאַרבען פאַר פיעלע האָט מען דאָ ערפונדען, וואָס לויבט זיך פיין און זאָגט: ער איז דאָך לעבען. באמת, א האַרצענס־דיענסט פאַר אלע פריידיגער פון טויט!

שטאַאַט רוף איך אָן דאָס, וואו אַלע זיינען גיפט־טרינקער, די גוטע און די שלעכטע: שטאַאַט, וואו אַלע פארלירען זיך אליין, די גוטע און די שלעכטע: שטאַאַט, וואו אַלעמענס לאַנגזאַמער זעלבסט־מאָרד רופט זיך אָן „דאָס לעבען“.

קוקט נאָר אָן אָט די, וואָס זיינען די איבעריגע! זיי גנב'ענען די ווערק פון די ערפינדער און די אוצרות פון די קלוגשאַפענע: „בילדונג“ רופען זיי אָן זייער גניבה — און אלץ ווערט ביי זיי א חולאת און א פגע רע!

קוקט מיר נאָר אָן אָט די איבעריגע! קראַנק זיינען זיי תמיד, זיי בהעכען אויס זייער גאַל און רופען דאָס „צייטונג“. זיי פאַרשלינגען איינער דעם אנדערן און קאָנען זיך ניט פאַרדייען.

קוקט נאָר אָן אָט די איבעריגע! זיי זאַמלען אָן רייכטימער און ווערען דורך דעם אָרימער. מאַכט ווילען זיי, און קודם דעם הייב־אייזען פון דער מאַכט, א סך געלט, — די קראַפטלאָזע!

זעהט, ווי זיי קלעטערען, די געשווינדע אפען! זיי קלעטערען איינער איבער דעם אנדערען און אזוי אַרום שלעפען זיי איינער דעם אנדערען אין קויט אַריין און אין דער טיעף אַראָפּ.

אהין, צום טראָהן, שטרעבען זיי אַלע: דאָס איז זייער משוגעת, — אַקוראַט ווי אויפ'ן טראָהן וואָלט געזעסען דאָס גליק! אָפט זיצט קויט אויפ'ן טראָהן — און אָפט אויך דער טראָהן אויף דעם קויט.

משוגעים זיינען זיי מיר אַלע און קלעטערענדע אפען און איבערגעהיצטע. א שלעכטער אויר טראָגט זיך מיר פון דעם אָפּגאָט, דער קאַלטער בריאה משונה, שלעבט אויר'ן זיי מיר אַלע אין איינעם, אָט די געצענדיענער.

מיינע ברידער, ווילט איהר דען פאַרשטיקט ווערען אין דעם

דונסט פון זייערע מיילער און פון זייערע תאוות! בעסער צוברעכט דאָך די פענסטער און שפּרינגט אַרויס אין די פריי.

מיידט דאָך אויס דעם שלעכטען גערוך! מיידט אויס די געצענדיענעריי פון די איבעריגע!

געהט דאָך אוועק פון דעם שלעכטען גערוך! מיידט אויס דעם דאַמף פון די מענשליכע קרבנות.

פריי שטעהט נאָך איצטער די ערד פאַר גרויסע נשמות. פאַר איינזאַמע און צווייזאַמע זיינען נאָך ליידיג פיעלע פּלעצער, אַרום וועלכע עס וועהט דער גערוך פון שטילע ים'ען.

פריי שטעהט נאָך פאַר גרויסע נשמות א פריי לעבען. באמת, ווער עס באַזיצט ווייניג, אויף אַזוי פיעל ווייניגער ווערט ער דעם אַנדערן'ס באַזיץ.

געלויבט זאָל זיין די אָרעמקייט!

דאָרטען, וואו דער שטאַאַט הערט אויף, דאָרטען באַגינט ערשט דער מענש, וואָס איז ניט קיין איבעריגער: דאָרטען באַגינט דאָס ליעד פון דעם נויטווענדיגען, די איינמאָליגע, ניט צו פאַר־ביימענדע מעלאָדיע.

דאָרטען, וואו דער שטאַאַט ה ע ר ט א ו י ף, איך בעט אייך, מיינע ברידער, אהין טוט א קוק! זעהט איהר דאָרטען ניט דעם רעגענבויגען און די בריקען פאַר דעם אויבער־מענש?

אַזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ.

*

*

## די פליעגען אויף דעם מאַרק־פּלאַץ.

פליה, מיין פריינד, אין דיין איינזאַמקייט! איך זעה דיך באַ־טויבט דורך דעם ליאַרם פון די גרויסע מענשען און דערשטאָכען מיט די שטעכערס פון די קליינע.

וואַלד און פעלז ווייסען אין חשיבות ווי צו שווייגען אין איינעם מיט דיר. ווער ווידער גליייך צו דעם בוים, וואָס דו

ליעבסט דעם ברייט־צווייגיגען. שטיל און זיך צוהערנדיג הענגט ער איבער דעם ים.

וואו די איינזאמקייט הערט אויף, דארטען הויבט זיך אן דער מארק, און וואו דער מארק הויבט זיך אן, דארטען הויבט זיך אן אויך דער ליארעם פון די גרויסע אקטיארען און דאס ארומשווירבלען פון די גיפטיגע פליעגען.

אין דער וועלט טויגען אפילו די בעסטע זאכען ניט אהן דעם מאן, וואס פיהרט זיי אויף: גרויסע מענער רופט דאס פאלק יענע אויפפיהרער.

דאס פאלק פארשטעהט וועניג דאס גרויסע, דאס הייסט, דאס שאפענדע. אבער עס האט א חוש פאר אלע אקטיארען און אויפפיהרער פון גרויסע זאכען.

ארום די ערפינדער פון נייע ווערטהען דרעהט זיך די וועלט: אומזעהעין דרעהט זיך די וועלט. אבער ארום די אקטיארען דרעהט זיך דאס פאלק און דער רוהם: אזוי איז דאס „דער לויף פון דער וועלט“.

גייסט האט דער אקטיאר, אבער וועניג געוויסען פונ׳ם גייסט. תמיד גלויבט ער אין דעם, מיט וואס ער מאכט אם שטארקסטען צו גלויבען, — צו גלויבען אין א י ה ם.

מארגען האט ער א נייעם גלויבען און איבערמארגען א נייערען. געשווינדע חושים האט ער, ווי דאס פאלק, און פערענדערליכע שטימונגען.

אנידערוואַרפען, דאס הייסט ביי איהם: באווייזען. פאררדרעהען דעם קאפ — דאס הייסט ביי איהם: איבערצייגען. און בלוט איז פאר איהם דער בעסטער פון אלע טעמים.

אן אמת וואס קאן דורכגעהן נאר אין איידעלע אויערען, רופט ער אן שקר און הבל־הבלים. באמת, ער גלויבט נאר אין יענע געטער, וואס מאכען א גרויסען ליארעם אין דער וועלט!

פול מיט גדלות׳דיגע לצים איז דער מארק — און דאס פאלק האלט זיך גרוים מיט זיינע גדולים! דאס זיינען פאר איהם די הארען פון דער שעה.

אבער די שעה שטופט זיי: איז — שטופען זיי דיך. און אויך פון דיר פאדערען זיי יע אדער ניין. וועה, דו ווילסט אוועקשטעלען דיין שטול צווישען פאר און געגען?

זיי ניט אייפערזיכטיג אויף די אומבאדינגטע און שטופענדע, דו, ליעבהאבער פון דעם אמת! נאך קיין מאל האט דער אמת זיך ניט אנגעהאנגען אן דעם ארעם פון אן אומבאדינגטען.

איבער אט די פלוצלונג־מענשען געה צוריק אין דיין זיכער־קייט: נאר אויפ'ן מארק בעפאלט מען איינעם מיט יע? אדער ניין?

לאנג געוועהרט די ערפאהרונג ביי אלע טיעפע ברונענס.

לאנג מוזען זיי ווארטען, ביז זיי ווייסען, וואס איז געפאלען אין זייער טיעף.

ווייט פונ'ם מארק און די קלינגענדע נעמען קומט פאר אל דאס גרויס: ווייט פון מארק און דעם קלינגענדען נאמען האבען מעולם געוואוינט די ערפינדער פון נייע ווערטען.

פליה, מיין פריינד, אין דיין איינזאמקייט: איך זעה דיך צושטאכען פון גיפטיגע פליעגען. פליה אהין, וואו עס וועהט די רויהע שטארקע לופט!

פליה אין דיין איינזאמקייט! דו האסט געלעבט צו נאהענט צו די קליינע און יאמערליכע באשעפענישען. פליה פון זייער אומ־זיכטבארער נקמה! בנוגע צו דיר האבען זיי גארנישט א חוץ נקמה.

הויב ניט אויף מעהר דיין ארעם אנטקעגען זיי! אהן א צאהל זיינען זיי, און ניט דיין גורל איז עס, צו זיין א טרייב־בעזים פאר פליעגען.

אהן א צאהל זיינען אט די קליינע און צרה'דיגע; און ניט איין שטאלצען בנין האבען רעגענטראפענס און ווילד־גראזען חרוב געמאכט.

דו ביסט ניט קיין שטיין, און שוין ביסטו אויסגעלעכערט פון פיעלע טראפענס. דו קאנסט נאך מיר צוברעכען און צופלאצען ווע־רען פון פיעלע טראפענס.

איך זעה דיך איינגעמאטערט פון די גיפטיגע פליעגען, איך

זעה דיך בלוטיג, צוביסען אין הונדערט ערטער; און דיין שטאָלץ וויל אפילו ניט ווערען אין כעס.

בלוט וואָלטען זיי וועלען פון דיר אין זייער גאַנצער אומשולד, בלוט באַגעהרען זייערע בלוט־לייִדיגע נשמות — און זיי שטעבען דעריבער אין זייער גאַנצער אומשולד.

אָבער דו, טיפער, דו ליידסט צו טיעף, אויך פון קליינע וואונדען; און איידער דו ביסט געהיילט געוואָרען, קריעכט שוין דער־זעלביגער גיפט־וואָרים איבער דיין האַנד.

צו שטאָלץ ביסטו מיר אָט די נאַשער צו טויטען. היט דיך אָבער, עס זאָל ניט ווערען דיין פאַרהענגעניס, צו טראָגען דעם גאַנצען גיפטיגען אומרעכט זייערען!

זיי זשומען ארום דיר אויך מיט זייער לויב: אַן אָנטשעפּעניס איז זייער לויבען. זיי ווילען זיין נאָהענט צו דיין הויט און דיין בלוט.

זיי חנפע'נען דיר, ווי א גאָט אָדער א טייוועל; זיי ווינזלען פאַר דיר, ווי פאַר א גאָט אָדער א טייוועל. וואָס באַטרעפט דאָס! די פונט־טרייבער זיינען דאָס און ווינזלער, און מעהר גאָרנישט.

אָט באַווייזען זיי זיך פאַר דיר, ווי ליעבענסווירדיגע. אָבער דאָס איז תמיד געווען די חכמה פון די פחדנים — יאָ, די פחדנים זיינען קלוג.

זיי טראַכטען א סך וועגן דיר אין זייער ענגער נשמה, — ביסט אלע מאָל אין חשד ביי זיי. אַלץ, וואָס ווערט פיעל באַ־טראַכט, רופט ארויס א פאַרדאַכט.

זיי באַשטראָפען דיך פאַר אַלע דיינע טוגענדען. זיי זיינען דיר פון גרונט־אויס מוחל — דיינע טעות'ן.

ווייל דו ביסט מילד און פון א גערעכטען זין, זאָגסטו: „אומ־שולדיג זיינען זיי אין זייער קליינער עקזיסטענץ". אָבער זייער ענ־גע נשמה דענקט: „פול מיט שולד איז יעדע גרויסע עקזיסטענץ".

אפילו ווען דו ביסט מילד מיט זיי, פיהלען זיי, אז זיי זיינען פון דיר פאַראַכטעט; און זיי באַצאָהלען דיר פאַר דיין וואויל־טאָן זיי מיט א פאַרשטעקטען וועה־טאָן.

דיין שטומער שטאָלץ געהט אַלע מאָל להיפּוך צו זייער גע־שמאַק; זיי קוועלען אָן, ווען דו ביסט אַמאָל געגוג עניו, צו זיין אייטעל.

וואָס מיר דערקענען אין אַ מענשען, דאָס צינדען מיר אין איהם אָן. ממילא היט זיך פאַר די קליינע!

זיי פיהלען זיך קליין פאַר דיר, און זייער נידעריגקייט גלימ־צערט און גליהט אַנטקעגען דיר אין אַ פאַרדעקטער נקמה.

האָסטו ניטט באַמערקט, ווי אָפט זיי ווערען שטום, ווען דו טרעטסט נעהענטער צו זיי, און ווי זייער קראַפט איז אוועק פון זיי, ווי רויך פון אַ פאַרלאָשענעם פייער?

יאָ, מיין פריינד, דו ביסט דער בייזער געוויסען פאַר דיינע שכנים: ווייל זיי זיינען דיך ניט ווערט. דערפאַר האַסען זיי דיך און וואָלטען גערן וועלען זויגען דיין בלוט.

דיינע שכנים וועלען תמיד זיין גיפטיגע פליעגען. דאָס, וואָס איז גרויס אין דיר, — דאָס גופא מוז זיי מאַכען גיפטיגער און אַלץ מעהר פליעגענהאַפט.

פליה, מיין פריינד, אין דיין איינזאַמקייט, אַהין, וואו עס גיהט אַ רויהע שטאַרקע לופט. עס איז ניט דיין גורל צו זיין אַ טרייב־בעזים פאַר פליעגען.

אזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ.

* *

*

**פּ ר י ש ו ת.**

איך ליעב דעם וואַלד. אין די שטעדט איז ניט גוט צו לעבען. דאָרטען זיינען דאָ צו פיעל תאוה־לוסטיגע.

איז דען מיין עצה פאַר אייך, איהר זאָלט אָפּטויטען אייערע רעד אייערע אין די חלומות פון אַ תאוה־לוסטיגער ווייבס־פאַרשוין?

און קוקט מיר נאָר אָן אָט די מאַנסביל: זייער אויג זאָגט עס. קיין בעסערעס זאַך אויף דער ערד ווייסען זיי ניט, ווי ליעגען מיט אַ ווייבס־פאַרשוין.

שלאָם איז אויף חעם גרונט פון זייער נשמה, און ווען גע־שריען, ווען זייער שלאָם האָט נאָך גייסט אין זיך!

וואָלט איהר כאָטש געוועזן אזוי פולקום ווי די חיה, אָבער צו זיין א חיה דאַרף מען האָבען אומשולד.

איז דען מיין עצה פאַר אייך, איהר זאָלט אָפּטויטען אייערע חושים? מיין עצה פאַר אייך איז — די אומשולד פון די חושים.

איז דען מיין עצה פאַר אייך די פרישות? די פרישות איז א טוגענד פאַר עטלעכע, אָבער פאַר פיעלע איז זי כמעט א מדה מגונה.

אמת, זיי זיינען אָפּגעהיט פון ווייבער, אָבער די צויג תאווה קוקט ארוים מיט קנאה פון אלץ וואָס זיי טוהען.

ביז צו די הויכען פון זייער גערעכטשאַפענקייט און ביז אין דעם קאַלטען גייסט אריין לויפט נאָך זיי נאָך יענע חיה מיט איהר אומרוה.

און מיט וויפיעל חן ווייס די תאווה־צויג אויסצובעטלען א שטיקעל גייסט, ווען מען פאַרוועהרט איהר א שטיק פליישׁ!

איהר האָט ליעב טרויער־שפּיעלען און אלץ וואָס צוברעכט דאָס הארץ? אָבער איך האָב א חשד אויף אייער צויג.

אייערע' אויגען זיינען מיר צו אכזריות'דיג און איהר בליקט יצר־הרע'דיג אויף די לייחשטרע. האָט זיך ניט אייער תאווה־לוסט איבערגעטאָן און רופט זיך רחמנות?

און אויך דעם משל וויל איך אייך געבן: ניט ווייניגע פון די, וואָס האָבען געוואָלט ארויסטרייבען דעם שד פון זיך, זיינען דער־ביי אליין אריין אין חזירים.

וועמ'ען קאָן שווער פאַרטראָגען די פרישות, יענעם זאָל מען זי ניט ראַטען: כדי זי זאָל ניט ווערען דער וועג, וואָס פיהרט אין גיהנום — ד. ה. אין קויט און תאווה־ברען פון דער נשמה.

רייד איך דאָ וועגען שמוציגע זאַכען? דאָס איז פאַר מיר ניט די ערגסטע זאַך.

ניט ווען דער אמת איז שמוציג, נאָר ווען דער אמת איז פלאַך, וויל דער דערקענענדער גייסט ניט אריין אין זיינע וואַסערען.

באמת, עס זיינען דא פרושים פון גרונט-אויס: זייער הארץ איז מילדער און זיי לאכען גערנער און עפטער איידער איהר.

זיי לאכען אויך פון דער פרישות און פרעגען: „וואס איז פרישות?"

„איז ניט פרישות א טפשות? אבער אט די טפשות איז געקומען צו אונז, און ניט מיר צו איהר.

מיר האבען דעם גאסט געגעבען אן אכסניה אין אונזער הארץ, איז וואוינט ער ביי אונז. זאל ער זיך בלייבען אזוי לאנג, ווי ער וויל!"

אזוי האט גערעדט זאראטוסטרא.

*

*

## דער פריינד.

„איינע אליין איז תמיד צו פיעל פאר מיר" — אזוי טראכט דער מתבודד. „תמיד איינמאל איינס — דאס ווערט מיט דער צייט צוויי".

איך און מיך, — מיר זיינען תמיד צו פיעל פארטאן אין געשפרעך: ווי וואלט מען דאס געקאנט אויסהאלטען, ווען עס וואלט ניט געווען קיין פריינד?

פאר דעם מתבודד איז דער פריינד תמיד דער דריטער. דער דריטער איז דער קארק, וואס לאזט ניט, דאס געשפרעך פון די צוויי זאל ארונטערזינקען אין דער טיעף.

אך, עס זיינען דא צו פיעלע טיעפען פאר אלע מתבודדים. דעריבער בענקען זיי אזוי שטארק נאך א פריינד און נאך זיין הויך.

אונזער גלויבען אין אנדערע זאגט אויס דעם סוד, אין וואס מיר וואלטען גערן געוואלט גלויבען בנוגע זיך אליין. אונזער בענקשאפט נאך א פריינד איז אונזער פארראטער.

און אפט וויל מען מיט דער ליעבע נאר איבערשפרינגען די קנאה. און אפט פאלען מיר אן און מאכען זיך פיינד, כדי צו פארבארגען, אז מען קאן אויף אונז אנפאלען.

ווי ווענינגסטענס מיין פיינד!" — אזוי רעדט דער אמת'ער יראת-הכבוד, וואס דערוועגט זיך ניט צו בעטען פריינדשאפט. ווייל מען האבען א פריינד, דארף מען אויך וועלען האלטען מלחמה פאר איהם: און כדי מלחמה צו האלטען דארף מען קאנען זיין א פיינד.

מען זאל אין דעם פריינד אויך נאך דעם פיינד עהרליך האלטען... קאנסט נאהענט צוגעהן צו דיין פריינד, און ניט אריבערגעהן אויף זיין צד?

אין זיין פריינד זאל מען דעם בעסטען פיינד האבען. דו זאלסט צו איהם אם נאהענטסטען זיין מיט דיין הארצען, ווען דו שטרעבסט להיפך צו איהם.

פאר דיין פריינד ווילסט דו ניט טראגען קיין מלבוש אויף זיך? עס זאל א כבוד זיין פאר דיין פריינד, וואס דו גיסט זיך איהם, ווי דו ביסט? אבער ער שיקט דיך יעמאלט אין הארצען צו אל' די רוחות!

דער וואס באהאלט גארנישט, רופט ארויס צארן. אזוי פיעל טעמים האט איהר, מורא צו האבען פאר דער נאקעט! יע, וואלט איהר געטער געווען, דעמאלט וואלט איהר זיך געמאגט שעמען, צו געהן אין קליידער!

דו קאנסט זיך פאר דיין פריינד ניט שעהן גענוג פוצען: ווייל דו זאלסט איהם זיין א פייל און א בענקשאפט נאך דעם אויבערמענש.

האסטו שוין געזעהן דיין פריינד בשעת ער שלאפט. כדי אויסצוגעפינען, ווי ער זעהט אויס? און ווי זעהט געוועהנליך אויס דער פנים פון דיין פריינד? דאס איז דיין אייגענער פנים אויף א רויהען, אומפולקומען שפיעגעל.

האסטו שוין געזעהען דיין פריינד בשעת'ן שלאף? האסטו זיך ניט דערשראקען, וואס דיין פריינד זעהט אזוי אויס? אה, מיין פריינד, מענש איז עפעס אזוינס, וואס דארף אריבערגעשטיינט ווערען.

און ריכטיג משער זיין און שווייגען דארף דער פריינד זיין

א מייסטער: ניט אלץ מוזטו וועלען זעהן, דיין חלום זאל דיר אויסזאָגען, וואָס דיין פריינד טוט אויפ'ן וואָהר.

זאל דיין רחמנות זיין א ריכטיגע השערה: דו מוזט קודם וויסען, צי וויל דיין פריינד רחמנות. אפשר ליעבט ער אין דיר אן אומגעבראָכען אויג און דעם בליק פון אייביגקייט.

דיין רחמנות אויפ'ן פריינד זאל פארבאָרגען זיין אין אזא הארטער שאָלעכץ, אז דו זאָלסט זיך א צאָהן אָן איהר אויסבייסען. נאָר אזוי וועט זי האָבען אין זיך דינקייט און זיסקייט.

ביסטו ריינע לופט און איינזאַמקייט און ברויט און א רפואה פאר דיין פריינד? אַ אנהענ'ער קאָן זיך אליין ניט פריי מאכען פון זיינע קייטען, און פון דעסטוועגען איז ער דעם פריינדס באַ־פרייער.

ביסטו א שקלאַוו? קאָנסטו קיין פריינד ניט זיין. ביסטו א טיראַן? קאָנסטו ניט האָבען קיין פריינד.

צופיעל צייט איז אין דעם ווייב געווען פארשטעקט א שקלאַוו און א טיראַן. דעריבער איז א ווייבס־פּאַרשוין ניט מסוגל צו פריינדשאַפט. זי ווייס נאָר ליעבע.

אין דער ליעבע פון דער אישה ליעגט אומגערעכטיגקייט און בלינדקייט צו אלץ, וואָס זי ליעבט ניט. און אפילו אין דער באַוואוסטזיניגער ליעבע פון דער ווייבס־פּאַרשוין איז נאָך תמיד דאָ איבערפאל און בליץ און נאַכט לעבען דער ליכטיגקייט.

א ווייבס־פּאַרשוין איז נאָך ניט מסוגל צו פריינדשאַפט. קעץ זיינען אלץ נאָך די ווייבער, און פויגעל. אָדער, אויפ'ן בעסטען פאַל, קיה.

נאָך ניט מסוגל צו פריינדשאַפט איז די אישה. אָבער זאָגט מיר, איהר מאנסביל, ווער פון אייך איז מסוגל צו פריינדשאַפט?

וועה צו אייער אָרעמקייט, איהר מאנסביל, און צו דער קמצנות פון אייער נשמה! וויפיעל איהר גיט דעם פריינד, דאָס קאָן איך דעם פיינד אוועקגעבען און וועל דערפון ניט אָרעמער ווערען.

עס איז דאָ נאָר חבר'שאַפט: זאָל שוין אַמאָל זיין פריינד־שאַפט.

אַזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ.

* *

*

## וויזענד און איין ציעל.

אַ סך לענדער האָט זאַראַטוסטראַ געזעהען און אַ סך פעלקער: אַזוי האָט ער אַנטדעקט דאָס גוטס און שלעכטס פון פיעלע פעלקער. קיין גרעסערע מאַכט האָט זאַראַטוסטראַ ניט געפונען אויף דער ערד, ווי גוטס און שלעכטס.

אַ פאָלק וואָלט ניט געקאָנט לעבען, אויב ער וואָלט ניט קודם געשאַצט; וויל ער זיך אָבער דערהאַלטען, טאָר ער ניט שאַצען, ווי דער שכן שאַצט.

אַ סך זאַכען, וואָס האָבען ביי איין פאָלק געהייסען גוט, האָבען ביי דעם אַנדערען געהייסען אַ חוזק און אַ שמאַך: אַזוי האָב איך דאָס געפונען. אַ סך זאַכען האָב איך געפונען, דאָ גערופען בייז און דאָרטען באַפוצט מיט פורפורנעם כבוד.

קיינמאָל האָט איין שכן ניט פאַרשטאַנען דעם אַנדערען: אַלע מאָל האָט זיך זיין נשמה גע'חדוש'ט אויף דעם שכן'ס טירוף און רשעות.

די לוחות פון די העכסטע גיטער הענגען איבער איטליכען פאָלק. זעה, דאָס איז די שטים פון זיין ווילען צו מאַכט.

לויב־פאַרדיענליך איז דאָס, וואָס איהם דוכט זיך שווער; וואָס איז אומפאַרמיידליך און שווער, רופט ער גוט; און וואָס באַפרייט פון דער העכסטער נויט, דאָס זעלטענע, שווערסטע, דאָס שאַצט ער הייליג.

וואָס עס העלפט איהם הערשען און זיעגען און גלענצען, זיינע שכנים אויף צו־ציטערנים און קנאה: דאָס איז פאַר איהם דאָ העכע, דאָס ערסטע, די מאָס און דער זין פון אַלע זאַכען.

באמת, מיין ברודער, האָסטו אַמאָל דערקענט ביי אַ פאָלק

זיין נויט און לאנד און הימעל און שכן, קאָנסטו דיר אויך ריכטיג משער זיין דעם געזעץ פון זיינע נצחונות איבער זיך, און פאַר וואָס ער שטייגט דוקא אַט אויף דער לייטער צו זיין האָפענונג.

„תמיד זאָלסטו דער ערשטער זיין און די אנדערע אריבער־וואקסען: קיינעם זאָל דיין איפערזיכטיגע נשמה ניט ליעבען א חוץ דעם פריינד" — אַט דאָס האָט געמאַכט אויפציטערען די נשמה פון א גריך: דורכדעם איז ער געגאַנגען זיין וועג צו גרויס.

„דעם אמת זאָגען און זיך גוט מיט פייל־און־בויגען באַגעהן" — אַט דאָס האָט זיך געדוכט צו זיין ליעב און שווער יענעם פאָלק, פון וועלכען מיין נאָמען שטאַמט, — דער נאָמען, וואָס איז מיר אין דערזעלביגער צייט אי ליעב, אי שווער.

„פאָטער און מוטער עהרליך האַלטען און ביז דעם וואָרצעל פון דער נשמה אריין זייער ווילען צו טאָן": אַט דעם לוח־הנצחון האָט איבער זיך אויפגעהאַנגען אַן אנדער פאָלק און איז דורכדעם מעכטיג געוואָרען און אייביג.

„טריי זיין און צוליעב דער טרייקייט כבוד און בלוט אין קאָן שטעלען אפילו אויף בייזע און געפעהרליכע זאכען": אזוי האָט מיט זיך געלערנט און זיך באַצוואונגען אַן אַנדער פאָלק און ווען ער האָט זיך באַצוואונגען, איז ער געוואָרען שוואַנגער און שווער מיט גרויסע האָפענונגען.

באמת. די מענשען האָבען זיך אליין געגעבען אַל' זייער גוטס און זייער שלעכטס. באמת, זיי האָבען עס ניט גענומען; זיי האָבען עס ניט געפונען, און אויך איז עס זיי ניט אראָפּגעלאָזט ווי אַ בת־קול פון הימעל.

ווערטען האָט גענומט דער מענש אריינגעלייגט אין די זאכען, כדי זיך צו דערהאַלטען, — ערשט ער האָט באַשאַפען דעם זין פאַר די זאכען, אַ מענשען־זין! דעריבער רופט ער זיך „מענש", דאָס הייסט, דער שאַצענדער.

שאַצען איז שאַפען: הערט דאָס, איהר שאַפענדע!

דאָס שאַצען גופא איז פון אַלע געשעצטע זאכען דער שאַץ און דער אבן־טוב.

דער וווערט קומט ערשט פון דעם שאַצען: און אָהן דעם שאַ־צען וואָלט די נוס פון דעם גאַנצען זיין געווען אַ ליידיגע. העדט דאָס, איהר שאַפּענדע!

דער איבערבייט אין ווערטען, — דאָס איז דער איבערבייט אין די, וואָס שאַפען. תמיד צושטערט דער, וואָס מוז זיין אַ שאַ־פענדער.

די שאַפּענדע זיינען פריהער געווען די פעלקער, און ערשט שפּעטער די יחידים. באמת, דע יחיד גופא איז דער אינגסטער באשאַף.

פעלקער האָבען אמאָל אויפגעהאָנגען לוחות פון טוב ורע איי־בער זיך. די ליעבע, וואָס וויל הערשען, און די ליעבע, וואָס וויל פאָלגען, האָבען אין איינעם געשאַפען פאַר זיך יענע לוחות.

די לוסט צו דער הערד איז עלטער איידער די לוסט צו דעם איך: און אזוי לאַנג ווי דער נאָמען פון דעם גוטען געוויסען איז די הערד, זאָגט נאָר דאָס שלעכטע געוויסען: איך.

באמת, דאָס פוקסיגע איך, וואָס האָט ניט קיין ליעבע, וואָס זוכט זיין נוצען אין דעם נוצען פון די פיעלע, דאָס איז ניט דער אנהויב פון דעם הערד, דאָס איז איהר אונטערגאַנג.

ליעבענדע זיינען דאָס תמיד געווען און שאַפּענדע, וואָס האָ־בען באשאַפען גוט און שלעכט. דער פייער פון דער ליעבע גליהט אין די נעמען פון אַלע מדות טובות און דער פייער פון דעם צאָרן.

אַ סך לענדער האָט זאַראַטוסטראַ געזעהען און אַ סך פעלקער: קיין גרעסערע מאַכט האָט זאַראַטוסטראַ ניט געפונען אויף דער ערד ווי די ווערק פון די ליעבענדע: „גוט“ און „שלעכט“ איז איהר נאָמען.

באמת, אַ משונה'דיגע בריאה איז די מאַכט פון לויבען און פון טאַדלען. זאָגט, איהר ברידער, ווער וועט זי מיר באַצווינגען? זאָגט, ווער וועט ארויפוואַרפען דער חיה די קייט איבער די טויזענד נאַקענס?

טויזענט ציעלען זיינען געווען ביז אהער, ווייל עס זיינען געווען טויזענט פעלקער. נאָר עס פעהלט נאָך די קייט איבער די

מויזענט נאַכט, עס פעהלט נאָך דער איין ציעל. די מענשהייט האָט נאָך ניט קיין ציעל.

אָבער זאָגט מיר דאָך, מיינע ברידער: אויב דער מענשהייט פעהלט נאָך דער ציעל, — פעהלט דאַ נאָך ניט די ערבי — זי גופא?

אזוי האָט גערעדט זאראַטוסטרא.

* *

*

## די ליעבע צו דעם אַנדערען.

איהר דריקט זיך צונויף ארום דעם אַנדערען און איהר האָט שעהנע מליצות וועגען דעם. אָבער איך זאָג אייך: אייער ליעבע צו דעם אַנדערען איז אייער שלעכטע ליעבע צו זיך אַליין.

איהר אַנטלויפט צו דעם אַנדערען פון אייך אַליין און איהר וואָלט געוואָלט דערפון מאַכען אַ מדה טובה פאר אייך: אָבער איך זעה דורך־און־דורך אייער „בטול היש".

דער דו איז עלטער איידער דער איך; דער דו איז פאַרהייליגט געוואָרען, אָבער נאָך ניט דער איך: דעריבער דריקט זיך דער מענש צו דעם נאָהענטסטען.

ראָט איך אייך דען די ליעבע צו דעם נאָהענטסטען? בעסער וועל איך אייך ראָטען די פליטה פון דעם נאָהענטסטען און די ליעבע צו דעם ווייטעסטען.

העכער פאַר דער ליעבע צו דעם נאָהענטסטען שטעהט די ליעבע צו דעם ווייטעסטען און דעם קומענדיגען. העכער נאָך פאַר דער ליעבע צו דעם מענשען שטעהט פאַר מיר די ליעבע צו זאַכען און צו געשפּענסטערען.

אָט דער געשפּענסט, וואָס לויפט דיר פאָראויס, מיין ברודער, איז שעהנער פאַר דיר; פאַרוואָס גיסט דו איהם ניט אוועק דיין פלייש און דיינע ביינער? אָבער דו האָסט מורא און דו לויפסט צו דיין שכן.

איהר קאָנט ניט אריבערטראָגען זיך אַליין און ניט גענוג

ליעבט איהר זיך אליין. איז ווילט איהר אייער שכן פארפיהרען אין ליעבע און זיך באגילדען מיט זיין טעות.

הלואי, וואלט איהר ניט געקאנט אריבערטראגען די אלערליי נאהענטסטע און זייערע שכנים; דעמאלט וואלט איהר געמוזט פון זיך אליין באשאפען א פריינד מיט זיין איבערפליסענדער הארץ.

איהר לאזט בעטען אן עדות צו זיך, ווען איהר ווילט רעדען גוטס וועגען זיך, און ווען איהר האט איהם פארפיהרט, ער זאל טראכטען גוטס וועגען אייך, טראכט איהר אליין גוט וועגען זיך.

ניט נאר יענער ליגט, וואס רעדט להיפוך צו זיין וויסען, נייערט נאך מעהר יענער, וואס רעדט להיפוך צו זיין ניט־וויסען.

און אזוי רעדט איהר וועגען זיך אין אייער געשמועס און איהר נארט אפ מיט אייך דעם שכן.

אזוי זאגט דער שוטה: „דער ארומגיין מיט מענשען פאר־דארבט דעם כאראקטער, בפרט ווען איינער האט ניט קיין כא־ראקטער".

איינער געהט צו דעם שכן, ווייל ער טוט זיך אליין זוכען, און אן אנדערער, ווייל ער וואלט וועלען זיך אליין פארלירען. אייער שלעכטע ליעבע צו זיך אליין מאכט פון אייער איינזאמקייט א תפיסה.

די ווייטעסטע באצאהלען אייער ליעבע צו דעם נאהענטסטען; און שוין ווען איהר זייט אין איינעם זאלבעפינפט, מוז תמיד א זעקסטער שטארבען.

איך ליעב אויך ניט אייערע יום־טובים. צופיעל אקטיארען האב איך דערביי געפונען און אויך די צושויער האבען זיך באנו־מען ווי אקטיארען.

ניט דעם נאהענטסטען לערן איך אייך, נייערט דעם פריינד. דער פריינד זאל פאר אייך זיין דער יום־טוב פון דער ערד און א פארגעפיהל פון דעם אויבער־מענש.

איך לערן אייך דעם פריינד און זיין איבער־פולען הארצען.

אבער מען מוז פארשטעהן, ווי צו זיין א שוואם, ווען מען וויל גע־ליעבט זיין פון אן איבער־פולען הארצען.

איך לערן אייך יענעם פריינד, וואס אין איהם שטעהט די וועלט א פארטיגע, א שאל פאר דאס גוטס, — דעם שאפענדען פריינד, וואס האט תמיד צו פארשענקען א פארטיגע וועלט.

און ווי די וועלט האט זיך פאר איהם פאנאנדערגעוויקעלט און פאנאנדערגעפאלען, אזוי וויקעלט זי זיך איהם ווידער צונויף, א רינג נאך א רינג, ווי דאס ווערען פון גוטס דורך שלעכטס, ווי דאס ווערען פון ציעלען דורך חעם צופאל.

די צוקונפט און דאס ווייטעסטע זאל דיר זיין די אורזאך פון דיין היינט: אין דיין פריינד זאלסטו ליעבען דעם אויבער־מענש, ווי דיין אורזאך.

מיינע ברידער, ניט די ליעבע צו דעם נאהענטסטען איז מיין עצה פאר אייך: איך ראט אייך די ליעבע צו דעם ווייטעסטען.

אזוי האט גערעדט זאראטוסטרא.

*     *

*

## דער וועג פון דעם שאפענדען.

ווילסטו, מיין ברודער, אין התבודדות געהן? ווילסטו זוכען דעם וועג צו זיך גופא? ציוהה אויף נאך א ווייל און הער מיך אוים.

„ווער עס זוכט, יענער ווערט גרינג אליין פארלארען. יעדע התבודדות איז א חטא“: אזוי רעדט די העדר. און דו האסט צו לאנג באלאנגט צו דער העדר.

די שטים פון דער העדר וועט אויך אין דיר נאך קלינגען, און ווען דו וועסט זאגען „איך האב ניט מעהר איין געוויסען מיט אייך“, וועט דאס זיין א בעקלאג און א שמארץ.

זעה. אט דעם שמארץ גופא האט געבוירען דער איין געוויסען: און דער לעצטער גלימצער פון אט דעם איין געוויסען גליהט נאך אויף דיין שווער געמיט.

אבער דו ווילסט געהן אין דעם וועג פון דיין שווער געמיט, וואס איז דער וועג צו דיר גופא? אויז — בעווייז מיר דיין רעכט און דיין קראפט דערצו!

ביסטו א נייע קראפט און א נייע רעכט? אן ערסטע באוועגונג? א ראד, וואס קייקעלט זיך פון זיך אליין? קאנסטו אויך די שטערן צווינגען זיי זאלען זיך דרעהען ארום דיר?

אך, עס איז דא אזוי פיעל יצר־הרע צו דער הויך! עס איז דא אזוי פיעל ספאזמען פון די כבוד־גייציגע. בעווייז מיר, אז דו ביסט ניט פון די תאוה'דיגע און ניט פון די כבוד־זיכטיגע.

אך, עס זיינען דא אזוי פיעל געדאנקען, וואס טוען אויף ניט מעהר ווי א בלאז־זאק: זיי בלאזען אויף און מאכען נאך ליידיגער.

דו רופסט דיך פריי? דיין הערשענדען געדאנק וויל איך הערען און ניט, אז דו ביסט אנטלאפען פון א יאך.

ביסט דו אזא, וואס האט געטארט אנטרינען פון א יאך? עס זיינען דא אויך אזוינע, וואס האבען זייער לעצטען ווערט אוועקגעווארפען, ווען זיי האבען זייער דינסטבארקייט אוועקגעווארפען.

פריי פון וואס? וואס ארט דאס זאראטוסטרא'ן! קלאר אבער זאל מיר דיין אויג דערצעהלען: פריי — צו וואס?

קאנסטו דיר אליין געבען דיין רע און דיין טוב און דיין ווילען אויפהענגען איבער דיך, ווי א געזעץ? קאנסטו פאר זיך אליין זיין דער שופט און דער גואל־הדם פון דיין געזעץ?

עס איז אן אימה, אט דער אליין־זיין מיט דעם שופט און דעם גואל־הדם פון דעם אייגענעם געזעץ. אזוי ווערט א שטערן ארויסגעווארפען אין דעם וויסטען חלל און דעם אייזיגען אטעם פון דעם אליין־זיין.

היינט ליידסטו נאך פון די פיעלע דו איינער: היינט האסטו נאך אין גאנצען דיין מוטה און דיינע האפענונגען.

אבער אמאל וועט דיך די איינזאמקייט מיעד מאכען; אמאל וועט דיין שטאלץ ווערען איינגעקרימט און דיין מוט וועט זיך אנ־ריבען ברעכען. שרייען וועסטו אמאל: „איך בין איינער אליין!“

אמאָל וועסטו דיין הויכס שוין ניט מעהר זעהן און דיין ני־דעריגס שוין צו נאָהענט. דיין דערהויבענעס גופא וועט דיך מאַכען שרעקען, ווי א געשפענסט. שרייען וועסטו אמאָל: „עס איז אלץ פאלש!“

עס זיינען דאָ געפיהלען, וואָס ווילען טויטען דעם איינזאַ־מען; גיט זיך זיי עס ניט איין, איז — מוזען זיי אליין שטאַרבען! אָבער האָסטו בכח א מערדער צו זיין?

ווייסטו שוין, מיין ברודער, דאָס וואָרט „פאראַכטונג“? און די יסורים פון דיין יושר, גערעכט צו זיין צו אזוינע, וואָס פאראַכ־טען דיך?

דו צווינגסט פיעלע, זיי זאָלען איבער'ן ניי לערנען וואָס זיי האָבען געלערנט וועגען דיר. דאָס שרייבען זיי הארט ארויף אויף דיין חשבון. דו ביסט נאָהענט צוגעקומען צו זיי און ביסט דאָך אריבערגעגאַנגען זיי. דאָס וועלען זיי דיר קיינמאָל ניט מוחל זיין.

דו געהסט זיי אריבער פאָראויס: אָבער וואָס העכער דו שטייגסט, אלץ קלענער זעהען דיך די אויגען פון קנאה. נאָך מעהר פאַר אלעמען ווערט געהאַסט דער, וואָס פליהט.

„ווי קאָנט איהר גערעכט זיין צו מיר! — מוזטו זאָגען — איך קלייב מיר אויס אייער אומגערעכט ווי דעם טייל, וואָס איז מיר צוגעמאָסטען“.

אומגערעכט און שמוץ וואַרפען זיי נאָך נאָך דעם איינזאַמען. אָבער, מיין ברודער, אויב דו ווילסט זיין א שטערן, מוזטו זיי לייכ־טען סאַי ווי סאַי!

און היט דיך פאַר חעם גוטען און דעם גערעכטען! זיי שלאָגען גערן צו צום צלם יענע, וואָס געפינען זיך אויס זייער אייגענע רעכטשאפענקייט, — זיי האָבען פיינד דעם איינזאַמען.

און היט דיך אויס פאַר דער הייליגער תמימות! אלץ איז פאַר איהר אומווערדיג, וואָס איז ניט פשוט. זי האָט אויך ליעב

צו שפּיעלען מיט דעם פייער פון דעם שייטער־הויפען*).

און ניט דיך אויך פון די אַנפאַלען פון דיין ליעבע! צו שנעל שטרעקסט דער איינזאמער אויס די האַנט צו דעם, וואָס באַגעגענט איהם.

אָן אַנדערע מענשען דאַרפסטו געבען ניט די האַנד, נאָר די לאַפּע. און איך וויל, אַז דיין לאַפּע זאָל אויך האָבען קרעלען.

אָבער דער שלימסטער פיינד, וואָס דו קאָנסט באַגעגענען, וועט תמיד דיר זיין דו גופא; דו גופא לויערסט אויף דיר אין די הויהלען און אין די וועלדער.

איינזאַמער, דו געהסט אין דעם וועג צו זיך אַליין!

און דיין וועג געהט פאַרביי דיר גופא און פאַרביי דייטע זיעבען טייוואָלים!

דו וועסט ביי דיר גופא זיין דער אפּיקורס און דער מכשף און דער וואָהרזאָגער און דער צווייפלער און דער טמא און דער רשע.

דו וועסט דיך מוזען וועלען פאַרברענען אין דיין אייגענער פלאַם: ווי וואָלסטו דען געקאָנט ווערען אַ בענייטער, אויב דו וואָלסט פריהער ניט פאַרברענט געוואָרען צו אַש?

איינזאַמער, דו געהסט דעם וועג פון דעם שאַפענדען: אַ גאָט ווילסטו דיר שאַפען פון דיינע זיעבען טייוואָלים!

איינזאַמער, דו געהסט דעם וועג פון דעם ליעבענדען: זיך אַליין ליעבסטו און דעריבער פאַראַכסטו דיך, ווי נאָר ליעבענדע פאַראַכטען.

שאַפען וויל דער ליעבענדער, ווייל ער פאַראַכט. וואָס ווייס דער פון ליעבע, וואָס האָט ניט געמוזט פאַראַכטען דאָס, וואָס ער האָט געליעבט.

געה אין דיין פאַראיינזאַמונג מיט דיין ליעבע און מיט דיין

---

*) ווען הוס'ן האט די אינקוויזיציע ארויפגעבראכט אויף דעם פלאַקער, האט א פשוטע פויערטע צוגעטראגן א ביטל האלץ. הוס האט אויסגעשריגן: „א הייליקע פשטות!" — דער איבערזעצער.

שאפען, מיין ברודער; און ערשט שפעט וועט די געדעכטיגקייט דיר נאכהינקען.

מיט מיינע טרערען געה אין דיין פאראיינזאמונג, מיין ברו־דער. איך ליעב יענעם, וואס וויל שאפען אריבער זיך גופא און געהט אויף אזא׳ן אופן צו גרונד. —

אזוי האט גערעדט זאראטוסטרא.

*   *
*

## אלטע און יונגע ווייבערלעך.

„וואס שארסטו זיך אזוי שטיל אין בין השמשות, זאראַ־טוסטרא? און וואס באהאלסטו אזוי פארזיכטיג אונטער דיין מאנטעל?

איז דאס אן אוצר, וואס מען האט דיר געשענקט? אדער א קינד, וואס איז דיר געבארען געווארען? אדער געהסטו איצטער אליין אין די וועגען פון די גנבים, דו פריינד פון די רשעים?"

באמת, מיין ברודער, האט זאראטוסטרא געזאגט. עס איז אן אוצר, וואס מען האט מיר געשענקט: איך טראג דא א קליינעם אמת.

אבער ער איז אומארטיג, ווי א יונג קינד; און ווען איך פאר־מאך איהם ניט דאס מויל, שרייט ער מיט קולי־קולות.

ווען איך בין היינט געגאנגען אליין אין מיין וועג, איז דער שעה, ווען די זון פארגעהט, האט מיך אן אלט ווייבעלע באגעגענט און האט אזוי גערעדט צו מיין נשמה:

„א סך זאכען האט זאראטוסטרא אויך צו אונז, ווייבער, גע־רעדט, אבער ניט וועגען דעם ווייב".

האב איך איהר געענטפערט: „וועגען דעם ווייב זאל מען רעדען נאר צו די מאנסביל".

„רייד אויך צו מיר וועגען דעם ווייב, האט זי געזאגט; איך בין גענוג אלט און וועל דאס באלד ווידער פארגעסען".

און איך האב איינגעוויליגט צו דער אלטער אישה און האב אזוי גערעדט צו איהר:

אלץ אין דער אשה איז א רעטעניס און אלץ אין דער אשה האט איין פתרון: ער רופט זיך שוואנגערשאפט.

דער מאן איז פאר דער אשה נאר א מיטעל: דער צוועק איז תמיד דאס קינד. אבער וואס איז די אשה פאר דעם מאן?

צווייערליי זאכען וויל אן עכטער מאן: געפאהר און שפיעל. דעריבער גלוסט ער א ווייב, ווי דאס געפעהרליכסטע שפיעל־צייג.

דער מאן זאל אויפגעצויגען ווערען צום קריעג און דאס ווייב צו פארוויילונג פון דעם קריעגס־מאן: אלע אנדערע זאכען זיינען שטות.

צו־זיסע פירות ליעבט ניט דער קריעגס־מאן. דעריבער ליעבט ער דאס ווייב, ווייל ביטער איז נאך דאס זיסעסטע ווייבס־פאר־שוין.

בעסער ווי דער מאן פארשטעהט א ווייבס־פארשוין די קינדער, אבער דער מאן איז נאך קינדערליכער איידער דאס ווייב.

אין דעם עכטען מאן ליעגט א קינד פארשטעקט: דאס וויל שפיעלען. נעהמט זיך, איהר פרויען, אנטפלעקט מיר דאך דאס קינד און דעם מאן!

א שפיעלכעל זאל זיין דאס ווייב, ריין און פיין, גלייך דעם איידל־שטיין, באשטראהלט פון די טוגענדען פון א וועלט, וואס איז נאך ניטא.

דער שטראהל פון א שטערן זאל גלענצען אין אייער ליעבע! אייער האפענונג זאל זיין: „הלואי געבויר איך דעם אויבער־מענש!"

אין אייער ליעבע זאל זיין העלדישקייט! מיט אייער ליעבע זאלט איהר אויף דעם אנפאלען, וואס טוט אין אייך מורא אריינ־פליסען.

אין אייער ליעבע זאל זיין אייער עהרע! אויף אן אנדער אופן פארשטעהט א ווייב ווייניג מכח עהרע. אבער דאס זאל זיין אייער עהרע, תמיד מעהר צו ליעבען, איידער איהר ווערט געליעבט און קיינמאל ניט זיין די צווייטע.

דער מאן זאל מורא האבען פאר דער פרוי ווען זי ליעבט: דע־

מאַלט ברענגט זי יעדען קרבן און אַלע אַנדערע זאַכען האָבען ביי איהר ניט קיין ווערט.

דער מאַן זאָל מורא האָבען פאַר חער פרוי, ווען זי האַסט: ווייל דער מאַן איז אויף דעם גרונט פון זיין נשמה נאָר בייז, אָבער די פרוי איז דאָרטען געמיין.

וועמען האַסט די פרוי אַם מעהרסטען — דאָס אייזען האָט אַזוי געזאָגט צו דעם מאַגנעט: איך האַס דיך אַם מעהרסטען, ווייל דו ציהסט מיך, אָבער ביסט ניט גענוג שטאַרק מיך צו־צו־ציהען.

דאָס גליק פון דעם מאַן איז: איך וויל. דאָס גליק פון דער פרוי איז: ער וויל.

„זעה, אַט ערשט איז די וועלט געוואָרען פאָלקאָמען". — אַזוי טראַכט יעדע פרוי, ווען זי טוט פאָלגען אויס גאַנצער ליעבע.

און פאָלגען מוז אַ פרוי און געפינען אַ טיעף פאַר איהר אויבער־פלאַך. אויבערפלאַך איז דער פרוי'ס געמיט, אַ באַוועגליכע שטור־מישע הויט אויף אַ ניט־טיעפען וואַסער.

דעם מאַנ'ס געמיט אָבער איז טיעף, זיין שטראָם רוישט אין אונטערערדישע הויהלען: די פרוי אַהנט זיין קראַפט אָבער באַ־גרייפט זי ניט. —

האָט מיר דאָס אַלטע ווייבעלע געענטפערט: „אַ סך שעהנע זאַכען זאָגט זאַראַטוסטראַ, בפרט פאַר די וואָס זיינען נאָך גענוג יונג פאַר זיי.

אַ משונה'דיגע זאַך: זאַראַטוסטראַ קען ווייניג די ווייבער און פון דעסטוועגען האָט ער רעכט וועגען זיי. קומט דאָס אַרויס דער־פון, וואָס ביי דער פרוי איז קיין זאַך ניט אוממיגלעך?

און איצט נעם פאַר אַ דאַנק אַ קליינעם אמת! איך בין דאָך אַלט גענוג פאַר איהם!

וויקעל איהם איין און האַלט איהם צו דאָס מויל: אַז ניט שרייט ער אויפ'ן קול. אַט דער קליינער אמת".

„גיב מיר, אשה, דעם קליינעם אמת!" האָב איך געזאָגט און דאָס אַלטע ווייבעלע האָט געזאָגט, אַזוי צו זאָגען:

„דו געהסט צו פרויען? פארגעס ניט דיין בייטש!“
אזוי האט גערעדט זאראטוסטרא.

* *
*

## דער ביס פון דער נאטער.

זאראטוסטרא איז אמאל איינגעשלאפען ביי טאג אונטער א פייגענבוים, ווייל עס איז געווען היים, און האט זיינע ארעמס ארויפגעלייגט אויף זיין פנים. איז געקומען א נאטער־שלאנג און האט איהם א ביס געטאן אין האלז אזוי, אז זאראטוסטרא האט אויפגעשריען פאר וועהטיג. אז ער האט דעם ארעם אראפגענומען פון פנים, האט ער זיך איינגעקוקט אין דער שלאנג: האט זי דער־קענט זאראטוסטרא'ס אויגען, און האט זיך גענומען אומגעלומ־פערט ווינדען און האט געוואלט אוועק. „ניש־ע! האט געזאגט זא־ראטוסטרא; דו האסט נאך ניט באקומען מיין דאנק! דו האסט מיך אויפגעוועקט אין צייט, מיין וועג איז נאך לאנג“. „דיין וועג איז נאך קורץ, האט טרויעריג געזאגט די נאטער; מיין גיפט איז טויטליך“. זאראטוסטרא האט געשמייכעלט. „איז ווען געשטאר־בען א דראקען פון א שלאנגען־גיפט?“ האט ער געזאגט. „אבער נעם צוריק דיין גיפט! דו ביסט ניט רייך גענוג, מיר צו שענקען איהם“. איז די נאטער אויפ'ס ניי געפאלען ארום זיין האלז און האט איהם אויסגעלעקט די וואונד. אז זאראטוסטרא האט דאס אמאל דערצעהלט זייטע תלמידים, האבען זיי געפרעגט: „און וואס, א זאראטוסטרא, איז די מאראל פון דיין געשיכטע?“ זאראטוסטרא האט דערויף געענטפערט, אזוי צו זאגען:

די גוטע און גערעכטע רופען מיך א צושטערער פון מאראל: מיין געשיכטע איז אוממאראליש.

ווען איהר האט אבער א פיינד, באצאהלט איהם ניט פאר שלעכטס מיט גוטס: ווייל דאס וועט איהם פארשעמען. נייערט בעווייזט, אז ער האט אייך געטאן עפעס גוטס.

און בעסער איז, איהר ווערט אין כעס, איידער איהר זאלט

פארשעמען! און ווען מען שילט אייך, איז געפעלט מיר ניט, איהר זאלט יעמאלט בענשען. בעסער א ביסעל מיט־שילטען!

און האט אייך פאסירט א גרוים אומרעכט, איז טוט מיר גער־שווינד פינף קליינע דערצו! מאום אנצוקוקען איז דער, וואס איהם אליין דריקט דאס אומרעכט.

האט איהר שוין דאס געוואוסט? א געטיילט אומרעכט איז א האלב רעכט. און יענער זאל נעהמען אויף זיך ס'אומרעכט, ווער עס קאן דאס טראגען!

א קליינע נקמה איז מענשליכער איידער גאר ניט קיין נקמה. און ווען די שטראף איז ניט אויך א רעכט און אן עהרע פאר דעם פורץ־גדר, איז מיר דערווידער אייער שטראף.

עס איז נאבעלער, צו געבען זיך אומרעכט, איידער צו בלייבען גערעכט, בפרט ווען מען האט רעכט. נאר מען מוז זיין גענוג רייך דערצו.

דערווידער איז מיר אייער קאלטע גערעכטיגקייט; און אוים די אויגען פון אייערע שופטים קוקט מיר ארוים דער תליון מיט זיין קאלטען אייזען.

זאגט, וואו געפינט זיך יענע גערעכטיגקייט, וואס איז א ליעבע מיט זעהעוודיגע אויגען?

איז געפינט מיר דאך אוים יענע ליעבע, וואס נעמט אויף זיך ניט נאר יעדע שטראף, נאר אויך יעדע שולד?

איז געפינט מיר דאך אוים יענע גערעכטיגקייט וואס לאזט ארוים פריי יעדען איינעם, א חוץ דעם ריכטער!

ווילט איהר נאך אויך דאס הערען? ביי דעם, וואס וויל זיין געעכט פון־גרונט־אוים, ווערט אפילו דער ליגען א מענשען־פריינד־ליכקייט.

אבער וואלט איך געקאנט גערעכט זיין פון־גרונט־אוים! ווי קאן איך יעדען איינעם געבען דאס זייניגע! פאר מיר איז גענוג דאס: איך גיב יעדען איינעם דאס מייניגע.

לסוף, מיינע ברידער, היט אייך צו טאן אומרעכט די

מתבודדים! ווי וואָלט אַ מתבודד געקאָנט פאַרגעסען! ווי וואָלט ער געקאָנט זיך אָפּרעכענען!

ווי אַ טיעפער ברונען איז אַ מתבודד. עס איז גרינג, אַריינצוּוואַרפען אַ שטיין אַהין; איז ער אָבער אַראָפּגעזונקען ביז'ן גרונט, זאָגט, ווער וועט איהם ווידער אַרויסציהען?

היט אייך, אַ מתבודד צו באַליידיגען! האָט איהר דאָס אָבער געטאָן, נו — איז נעמט שוין ביי איהם אויך דאָס לעבען!

אַזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ.

*   *

*

## דאָס קינד און דער זיווּג-בונד.

איך האָב אַ פראַגע פאַר דיר אַליין, מיין ברודער: ווי אַ זינקבליי וואַרף איך אַריין די פראַגע אין דיין נשמה, כדי צו וויסען, ווי טיעף זי איז.

דו ביסט יונג און ווינשסט זיך אַ קינד. אָבער איך פרעג ביי דיר: ביסטו אַ מענש וואָס מ ע ג זיך ווינשען אַ קינד?

ביסטו דער זיעגרייכער, דער זעלבסט-באַצווינגער, דער מושל אויף דיינע זינען, דער האַרר איבער דיינע טוגענדען? אַזוי אָט פרעג איך ביי דיר.

אָדער אוים דיין וואונש רעדט די חיה און די נויט-באַדערפעניס? אָדער פאַראייניזאַמונג? אָדער אומפרידען מיט זיך אַליין?

איך וויל, אַז דיין זיעג און דיין פרייהייט זאָלען בענקען נאָך אַ קינד. לעבעדיגע מאָנומענטען זאָלסטו בויען פאַר דיין זיעג און דיין בעפרייאונג.

דו זאָלסט אַרויסבויען אַריבער דיך אַליין. אָבער פריהער מוסטו אַליין זיין געבויט, רעכטווינקעליג אין לייב און זעעל.

ניט נאָר פאָראויס זאָלסטו זיך פלאַנצען, נייערט אַרויף! דערצו זאָל דיר העלפען דער גאָרטען פון דעם פאָר-פאָלק-לעבען. אַ העכערען לייב זאָלסטו שאַפען, אַן ערנסטע באַוועגונג, אַ ראָד, וואָס קייקעלט זיך פון זיך אַליין, אַ שאַפענדען זאָלסטו שאַפען.

פאַר־פאַלק־לעבען: אזוי רוף איך דעם ווילען זאלבע־צווייט צו באשאפען אן איינס, וואס איז מעהר, איידער די וואס האבען עס באשאפען. פאַר־פאַלק־לעבען רוף איך יראת הכבוד איינס פאר'ן אנדערן. ווי פאר די וועלענדע פון אזא ווילען.

דאס זאל זיין דער זין און דער אמת פון דיין זיווג־בונד. אבער דאס, וואס די פיעל־צו־פיעלע רופען אן א זיווג־בונד, אט די איבעריגע, — ווי זאל איך דאס אנרופען?

אך, אט די נשמה־אַרעמקייט זאלבע־צווייט! אך, אט די נשמה־שמוץ זאלבע־צווייט! אך, אט די צרה'דיגע צופרידענקייט זאלבע־צווייט!

דאס אלץ רופען זיי זיווג־בונד; און זאגען, אז זייערע זיווגים ווערען געשלאסען אין דעם הימעל!

דערווידער איז ער מיר, אט דער הימעל פון די איבעריגע. ניין, איך האב זיי ניט גערן, אט די אין הימלישע נעצען־פארפלאנטערטע חיות!

ווייט פון מיר מעג אויך בלייבען יענער גאט, וועלכער הינקט אריין צו בענטשען, וואס ער האט ניט צונויפגעפּאַרט.

לאכט מיר ניט פון אזעלכע זיווגים! וואסער קינד האט ניט קיין גרונט צו וויינען אויף זיינע עלטערן?

אט דער מאן האט מיר אויסגעזעהן חשוב און צייטיג פאר דעם זין פון דער ערד. אבער אז איך האב דערזעהן זיין ווייב, האט מיר די ערד אויסגעזעהן ווי א הויז פאר אומזיניגע.

יע, איך וואלט געוואלט, די ערד זאל אין קרעמפּפען טאן ציטערן, ווען א הייליגער און א גאנז פּאַרען זיך צונויף.

אט דער איז ארויס ווי א העלד צו זוכען אמת'ען און צום סוף האט ער זיך פערקעמפט א קליינעם געפּוצטען ליגען. זיין זיווג־בונד רופט ער דאס.

יענער איז געווען אפגעהיט אין ארומגאנג און האט געקליבען קלייבעריש. אבער מיט איין מאל האט ער פאר אלע מאל פארדארבען זיין געזעלשאפט: זיין זיווג־בונד רופט ער דאס.

יענער האט געזוכט א מיידעל מיט די מדות טובות פון א קדוש.

אבער מיט איין מאל איז ער געווארען די מאד פון זיין ווייב; איצטער דארף מען נאך, ער זאל איבער דעם ווערען א קדוש.

אפגעהיט זיינען איצטער אלע קונים און אלע האבען רמאי'שע אויגען. אבער זיין ווייב װאָט נאך דער רמאי שברמאי קויפען אין א זאק.

א סך קורצע תרח'קייטען — דאס הייסט ביי אייך ליעבע. און אייער זיווג־בונד מאכט א סוף צו די פיעלע קורצע תרח'קייטען דורך איין לאנגער נארישקייט.

איינער ליעבער צו דער פרוי און דער פרוי'ס ליעבע צו דעם מאן. אך, ווען זי וואלט געווען א מיטלייד מיט ליידענדע פארבארגענע געטער! אבער דאס רוב דערשפירען זיך איין חיה די אנדערע.

אפילו אייער בעסטע ליעבע איז אויך נאר א בעגייסטערטער משל און א שמארצהאפטע גלות. א פאקעל איז זי, וואס זאל אייך לייכטען צו העכערע וועגען.

אריבער אייך ארוים זאלט איהר אמאל ליעבען! איז לערנט זיך ערשט ליעבען! און דעריבער מוזט איהר טרינקען דעם בייטערען כוס פון אייער ליעבע.

ביטערנים איז אין דעם כוס פון דער בעסטער ליעבע: אויף אזא'ן אופן בעשאפט זי בענקשאפט נאך דעם אויבער־מענש, בעשאפט זי דארשט אין דיר, דעם שאפענדען!

דארשט דעם שאפענדען, א פייל און א בענקשאפט נאך דעם אויבער־מענש: זאג, מיין ברודער, איז דאס דיין ווילען צו דעם זיווג־בונד?

הייליג איז מיר אזא ווילען און אזא פאר־פאלס־לעבען.
אזוי האט גערעדט זאראטוסטרא.

* *
*

# דער פרייער טויט.

א סך שטארבען צו שפעט און עטליכע שטארבען צו פריה. עס קלינגט נאך פרעמד די לעהרע: „שטארב צו דער רעכטער צייט!“

שטארב צו דער רעכטער צייט, אזוי לערנט אייך זאראטוסטרא.

אודאי, ווער עס לעבט קיין מאל ניט צו דער רעכטער צייט, ווי זאל דער אמאל צו דער רעכטער צייט שטארבען? הלואי וואלט ער גאר קיין מאל ניט געבארען זיין! — אט דאס איז מיין עצה פאר דעם איבעריגען.

אבער אויך די איבעריגע מאכען אזא ווזען מיט זייער שטארבען און אויך די ליידיגסטע נוס דארף נאך צוקנאקט ווערען.

וויכטיג נעמען אלע אויף דאס שטארבען; אבער נאך ניט קיין יום־טוב איז דער טויט. די מענשען האבען זיך נאך ניט אויסגע־לערענט, ווי עהרליך צו האלטען די שעהנסטע יום־טובים.

יענעם טויט בעוויז איך אייך, וואס ברענגט צום פולען ענד, וואס איז פאר די לעבעדיגע אן אויפרעגער און א נדר.

זיין אייגענעם טויט שטארבט דער צום־פולען־ענד־ברענגע־דער; זיעגרייך, ארומגערינגעלט מיט האפענדע און אויף־זיך־א־נדר־נעהמענדע.

אזוי זאל מען זיך אויסלערנען צו שטארבען; און עס זאל ניט זיין קיין יום־טוב, אין וועלכען אזא שטארבענדער זאל ניט הייליגען די שבועה פון די לעבענדע.

אויף אזא'ן אופן צו שטארבען איז די בעסטע זאך. די צווייט־בעסטע זאך אבער איז צו שטארבען אין קאמף און צו פארשווענ־דען א גרויסע נשמה.

אבער גלייך פארהאסט סיי דעם קעמפענדען, סיי דעם זיעגער איז אייער שמייכלענדער טויט, וואס שארט זיך אריין ווי א גנב — און קומט דאך ווי א האר.

מיין טויט לויב איך איך, דעם פרייען טויט, וואס קומט צו מיר, ווייל א י ך וויל איהם.

און ווען וועל איך וועלען? — ווער עס האט א ציעל און א יורש, יענער וויל דעם טויט צו דער רעכטער צייט צוליעב דעם ציעל און דעם יורש.

און אויס יראת הכבוד פאר דעם ציעל און יורש וועט ער ניט אויפהענגען מעהר קיין טרוקענע קראנצען אין דעם בית־המקדש פון דעם לעבען.

באמת, איך וויל ניט געגליכען זיין צו א שטריק־דרעהער: זיי ציהען זייערע פאדים אין דער לענג און דערביי געהען זיי הינטערווילעכס.

איינער ווערט אויך פאר זיינע אמת'ען און נצחונות צו אלט; א מויל אהן ציהן האט ניט מעהר קיין רעכט אויף יעדען אמת.

און איטליכער, וואס וויל האבען א קלינגענדען שם, מוז זיך בעצייטענס פאנאנדערזעגענען מיט חשם כבוד און איינגעוועהנען זיך אין דער שווערער קונסט, צו דער רעכטער צייט — צו געהן.

בשעת איינער האט נאך אין זיך דעם בעסטען טעם, דארף ער אויפהערען, זיך צו לאזען עסען: דאס ווייסען די, וואס ווילען לאנג געליעבט ווערען.

אודאי זיינען דא זויערע עפעל, וואס זייער גורל וויל, זיי זאלען ווארטען ביז דעם לעצטען טאג אין בלעטער־פאל: אין איינ־און־דעמזעלביגען טאג ווערען זיי צייטיג, געל און קנייטשיג.

ביי איינע עלטערט זיך פריהער דאס הארץ, ביי אנדערע דער גייסט. און איינינע זיינען זקנים אין דער יוגענד: אבער שפעט יונג האלט אויף יונג אויף לאנג.

איינעם גיט זיך ניט איין דאס לעבען: א גיפט־ווארים פרעסט זיך אריין אין זיין הארצען. איז זאל ער זעהן, אז דאס שטארבען זאל זיך איהם בעסער איינגעבען.

איינער קאן קיין מאל ניט ווערען זיס, ער פוילט שוין אין זומער. עס איז פחדנות, וואס האלט איהם נאך פעסט אויף זיין צווייג.

פיעל־צו־פיעלע לעבען און פיעל צו לאנג הענגען זיי אויף צוגעפוילטע און ווערעמדיגע פון בוים אראפטרייסלען!

וואלטען דאך פרעדיגער געקומען פון דעם גיכען טויט! דאס וואלטען מיר געווען די רעכטע שטורעמס און טרייסלער פון דעם לעבענס־בוים! אבער איך הער נאר, ווי מען פרעדיגט דעם לאנגזאמען טויט און די געדולד מיט די „ערדישע זאכען“.

אך, איהר פרעדיגט געדולד מיט די ערדישע זאכען? די ערדישע זאכען זיינען דאס, וואס האבען צו פיעל געדולד מיט אייך, איהר לעסטערר־מיילער!

באמת, צו פריה איז געשטארבען יענער העברעער, וועמען עס פארעהרען די פרעדיגער פון דעם לאנגזאמען טויט: און פאר פיעלע איז דאס געווארען זייער שלים־מזל וואס ער איז געשטארבען צו פריה.

ער האט נאך ניט געקענט מעהר ווי די טרערען און דאס שווער־געמיט פון דעם העברעער אין איינעם מיט דער שנאה מצד די גוטע און גערעכטע, דער העברעער ישו: איז פלוצלונג אויף איהם אנגעפאלען די בענקשאפט נאך דעם טויט.

וואלט ער דאך געבליבען אין מדבר, ווייט פון די גוטע און גערעכטע! אפשר וואלט ער געלערענט לעבען און ליעבען די ערד — און נאך ס'לאכען דערצו.

גלויבט דאס מיר, מיינע ברידער! פאר דער צייט איז ער געשטארבען, ער אליין וואלט אפגעפרעגט זיין לעהרע, ווען ער וואלט דערלייבט מיינע יאהרען! ער איז געווען נאבעל גענוג אפצופרעגען.

אבער אומצייטיג איז ער נאך געווען. אומצייטיג ליעבט דער אינגלינג און אומצייטיג האסט ער דעם מענשען און די ערד! געבונדען און שווער זיינען איהם געמיט און די פליגלען פון דעם גייסט.

אבער אין דעם מאן איז מעהר קינד, איידער אין דעם אינגלינג און ווייניגער שווערגעמיט. בעסער פארשטעהט ער דעם ענין פון לעבען און טויט.

פריי צ׳ם טויט און פריי אין דעם טויט, א הייליגער גיין־זאָ־גער, ווען עס איז שוין ניטאָ מעהר קיין צייט פאַר דעם יע: אַזוי פאַרשטעהט ער דעם ענין פון לעבען און טויט.

זאָל אייער שטאַרבען ניט זיין קיין לעסטערונג אויף מענש און ערד, מיינע פריינד: אָט דאָס בעט איך ביי דעם האָניג פון אייער נשמה.

אין אייער שטאַרבען זאָל נאָך אייער גייסט און אייער טוגענד גליהען, ווי די אָוועגט־רויט אַרום דער ערד: אַז ניט האָט זיך אייער שטאַרבען אייך ניט איינגעגעבען.

און אַזוי וויל איך אַליין שטאַרבען, אַז איהר פריינד, מיינע, זאָלט די ערד נאָך מעהר ליעבען צוליעב מיר. און איך וויל ווידער ווערען ערד, כדי איך זאָל האָבען רוהה אין יענער, וואָס האָט מיך געבוירען.

באמת, אַ ציעל האָט זאַראַטוסטראַ, ער האָט זיין באַל געוואָר־פען. נו — זייט איהר, פריינד מיינע, די יורשים פון מיין ציעל, אייך וואַרף איך צו דעם גילדערנעם באַל.

ליעבער פאַר אַלץ וויל איך זעהען, ווי איהר, מיינע פריינד, וואַרפט דעם גילדערנעם באַל! און דעריבער ציה איך נאָך אויף אַ קליין ביסעל אויף דער ערד: זייט מיר מוחל!

אַזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ.

*  *

*

# די טוגענד וואס שענקט

.1

אז זאראטוסטרא האט גענומען אפשייד פון דער שטאדט, וואס זיין הארץ איז געווען איהר צוגעטאן און וואס איהר נאמען איז געווען די „ראבע קוה“ — זיינען נאכגעגאנגען נאך איהם א סך מענשען, וועלכע האבען זיך גערופען זיינע תלמידים, און האבען איהם באגלייט. אזוי זיינען זיי געקומען צו א שייד־וועג: האט זאראטוסטרא זיי געזאגט, אז ער וויל איצטער געהן אליין; ווייל ער איז געווען א פריינד פון אליין־געהן. זיינע תלמידים אבער האבען איהם דערלאנגט צום אפשייד א שטעקען, וואס אויף זיין גילדערנעם הענטעל האט זיך א שלאנג געריננגעלט ארום א זון. זאראטוסטרא האט זיך געפרעהט מיט דעם שטעקען און האט זיך געשטיצט אויף איהם. דערנאך האט ער אזוי גערעדט צו זיינע תלמידים:

זאגט מיר דאך: ווי אזוי איז גאלד געקומען צו דעם העכסטען ווערט? דורך דעם, וואס עס איז זעלטען און אהן נוצען און לייכטענד און מילד אין זיין גלאנץ; רק עס שענקט זיך אוועק.

נאר ווי אן אפבילד פון דער העכסטער טוגענד איז גאלד געקומען צו דעם העכסטען ווערט. גאלד־גלייך לייכט דער בליק ביי דעם שענקענדען. גאלד־גלאנץ שליסט פריהען צווישען זון און לבנה.

זעלטען איז די העכסטע טוגענד און אהן נוצען, לייכטענד איז זי און מילד אין גלאנץ: א שענקענדע טוגענד איז די העכסטע טוגענד.

באמת, איך שאץ אייך ריכטיג, מיינע תלמידים: איהר שטרעבט אויך, ווי איך, נאך דער שענקענדער טוגענד. וואס האט איהר בשותפות מיט קעץ און מיט וועלף?

עס איז אייער דאַרשט אַליין צו ווערען קרבנות און מתנות:
און דעריבער האָט איהר דעם דאַרשט, צונויפזאַמלען אַלע רייב־
טימער אין אייער נשמה.

ניט געזועטיגט שטרעבט אייער נשמה צו אוצרות און איידעל־
שטיינער, ווייל אייער טוגענד איז ניט צו זעטיגען אין איהר ווע־
לען פאַרשענקען.

איהר צווינגט אַלע זאַכען, זיי זאָלען אריינפליסען צו אייך
און אין אייך, כדי זיי זאָלען צוריק ארויסשטראָמען פון אייער
ברונען, ווי די מתנות פון אייער ליעבע.

באמת, אזאַ שענקענדע ליעבע מוז ווערען אַ רויבער פון אַלע
ווערטען; אָבער געזונט און געהייליגט רוף איך אזאַ זעלבסט־זוכט.

עס איז דאַ אַן אַנדער זעלבסט־זוכט, אַ צו זעהר אָרעמע, אַ
הונגערענדע, וואָס וויל תמיד גנב'ענען, יענע זעלבסט־זוכט פון די
קראַנקע, די קראַנקע זעלבסט־זוכט.

מיט גנב'ישע אויגען קוקט זי אויף אַלץ, וואָס גלאַנצט. מיט
הונגער־באַגעהר מעסט זי אָפּ דעם וואָס האָט בשפע צו עסען און
תמיד גנב'עט זי זיך ארום דעם טיש פון די, וואָס שענקען.

קראַנקהייט רעדט פון אזאַ פאַרלאַנג און פאַרבעהאַלטענע ענט־
אַרטונג; וועגען אַ פאַרשמאַכטען לייב רעדט דער גניבה'שער באַ־
געהר פון אַט דער זעלבסט־זוכט.

זאָגט מיר, מיינע ברידער: וואָס האַלטען מיר פאַר שלעכט און
דאָס שלעכטסטע? איז דאָס ניט ענטאַרטונג? — און אויף
ענטאַרטונג שטויסען מיר זיך תמיד אָן, וואו עס פעהלט די שענ־
קענדע נשמה.

ארויף־צו געהט אונזער וועג, פון דער אַרט אריבער צו דער
אויבער־אַרט. אָבער אַ שוידער איז אונז דער ענטאַרטער זין, וואָס
זאָגט: „אַלץ איז פאַר מיר“.

ארויף־צו פליהט אונזער זין: אזוי איז ער אַ משל צו אונזער
לייב, אַ משל פון אַ דערהויבונג. אזעלכע משלים פון דערהויבונ־
גען זיינען די נעמען פון די מדות טובות.

אזוי געהט דער לייב דורך דער געשיכטע, אַ ווערענדער און

א קעמפענדער. און דער גייסט — וואס איז ער איהם? א העראלד פון זיינע קאמפען און נצחונות, א חבר און ווידער־קול.

משלים זיינען אלע געמען פון גוט און שלעכט: זיי ריידען ניט אויס, זיי זיינען נאר מרמז א נאר איז דער, וואס פאר־לאנגט פון זיי אויך וויסען.

גיט אכטונג, מיינע ברידער, אויף יעדער שעה, ווען אייער גייסט וויל ריידען אין משלים: דא איז דער מקור פון אייער טו־גענד.

דערהויבט איז דא אייער לייב און אויפגעשטאנען; מיט זיין תענוג ענטציקט ער דעם גייסט, ער זאל ווערען א בעשאפער און א שאצער און א ליעבענדער און א גוטס־טוער פאר אלץ און אלעמען.

ווען אייער הארץ געהט אין וואלען, ברייט און פול, ווי א שטראם, א ברכה און א סכנה פאר די וואס וואוינען לעבען איהם: אט דא איז דער מקור פון אייער טוגענד.

ווען איהר שטעהט העכער פאר לויב און טאדעל און אייער ווילען וויל באפעהלען אלץ און אלעמען, ווי דער ווילען פון א ליעבענדען: אט דא איז דער מקור פון אייער טוגענד.

ווען איהר פאראכט דאס אנגענעמענע און דאס ווייכע בעט און איהר קאנט ניט אויסבעטען אייך געלעגער ווייט גענוג פון די ווייכליכע: אט דא איז דער מקור פון אייער טוגענד.

ווען איהר ווילט נאר איין ווילען און אט דער קעהר־און־ווענד פון אלע נויטען הייסט ביי אייך נויטווענדיגקייט: אט דא איז דער מקור פון אייער טוגענד.

באמת, א נייע גוטס און שלעכטס איז זי! באמת, א נײ טיעף רוישען און די שטים פון א נייעם קוואל.

מאכט איז זי, אט די נייע טוגענד; א הערשענדער געדאנק איז זי און ארום איהם א קלוגע נשמה: א גילדערנע זון און ארום איהר די שלאנג פון דער דערקענטניס.

* *

*

דאָ האָט זאַראַטוסטראַ געשוויגן אַ ווײַלע און האָט מיט ליעבע געקוקט אויף זיינע תלמידים. דערנאָך האָט ער ווייטער גערעדט, אַזוי צו זאָגן: — און זיין שטים האָט זיך פאַרוואַנדעלט.

בלייבט מיר טריי דער ערד, מיינע ברידער, מיט דער מאַכט פון אייער טוגענד! אייער שענקענדע ליעבע און אייער דערקענטניס זאָלן דיענען דעם זין פון דער ערד! אַזוי בעט איך און באַשווער איך אייך.

לאָזט זי ניט אַוועקפליען פון די ערדישע זאַכן און זיך שלאָגן מיט די פליגלען אָן די אייביגע ווענט! אַך, עס זיינען תמיד געווען אַזוי פיעל טוגענדן, וואָס האָבן זיך פאַרפלויגן!

פיהרט צוריק די פאַרפלויגענע טוגענד, אַזוי ווי איך, צוריק צו דער ערד, יע, צוריק צו לייב און לעבן: כדי זי זאָל געבן דער ערד איהר זין, אַ מענשען־זין!

הונדערטער מאָל האָט זיך ביז אַהער דער גייסט ווי די טוגענד פאַרפלויגן און פאַרבלאָנדזשעט. אַך, אין אונזער לייב וואוינט נאָך איצטער יענער גאַנצער שגעון און טעות: ער איז דאָ געוואָרן לייב און ווילן.

הונדערטער מאָל האָט זיך ביז אַהער אויסגעפּרואווט און איז פאַראירט געוואָרן סיי דער גייסט, סיי די טוגענד. יע, אַן אויספּרואוו איז געווען דער מענש. אַך, פיעל אומוויסן און טעות איז געוואָרן לייב אין אונז.

ניט נאָר דער שכל פון יאָהרטויזענדער — אויך די משוגעת זייערע שלאָגט אַרויס אויף אונז. עס איז געפעהרליך, צו זיין אַ יורש.

מיר קעמפען נאָך אויף שריט און טריט מיט דעם ריעז — צופאַל, און איבער דער גאַנצער מענשהייט האָט נאָך ביז אַהער געוועלטיגט דער אונזין, דער אָהן־אַ־זין.

איינער גייסט און אייער טוגענד זאָלען דיענען דעם זין פון דער ערד, מיינע ברידער: און דער ווערט פון אַלע זאַכען זאָל פון אייך אויפ'ס ניי געזעצט ווערען! דעריבער זאָלט איהר זיין קעמפענדע! דעריבער זאָלט איהר זיין שאַפענדע!

וויסענדיג, רייניגט זיך דער לייב; אויספּרואווענדיג מיט וויסען, דערהויבט ער זיך; ביי דעם דערקענענדען ווערען אַלע אַנטריעבען געהייליגט; ביי דעם דערהויבטען ווערט פרעהליך די נשמה.

רופא, העלף זיך גופא; אַזוי וועסטו אויך דעם חולה העלפען. דאָס זאָל זיין זיין בעסטע הילף, וואָס ער זעהט יענעם מיט זיינע אויגען, וועלכער מאַכט זיך אַליין געזונט.

טויזענד שטעגען זיינען דאָ, וואָס זיינען קיינמאָל ניט געגאַנגען געוואָרען, טויזענד געזונדקייטען און פאַרבאָרגענע לעבענס-אינזלען. ניט אויסגעשעפּט און ניט ענטדעקט איז נאָך ד היום מענטש און מענשען-ערד.

וואַרט און הערט זיך איין, איהר איינזאַמע! פון דער צוקונפט-זייט קומען ווינטען אַן מיט סודות'דיגען פליגעל-שלאַג און צו דינע אויערען דערגרייכט א גוטע בשורה.

איהר איינזאַמע פון היינט, איהר אָפּגעטיילטע, איהר זאָלט אַמאָל ווערען א פאָלק: פון אייך, וואָס איהר האָט זיך אַליין אויסדערוועהלט, זאָל אַן אויסדערוועהלט פאָלק אויסוואַקסען: און פון איהם — דער אויבער-מענש.

באמת, א מקום-רפואה זאָל נאָך ווערען די ערד! און שוין פאַרשפּרייט זיך ארום איהר א נייער גערוך, אַ ישועה-ברענגענדער, און א נייע האָפענונג!

* *

*

3

אַז זאַראַטוסטרא האָט געזאָגט אָט די ווערטער, האָט ער געשוויגען, ווי איינער, וואָס האָט נאָך זיין לעצט וואָרט ניט ארויסגערעדט; א לאַנגע צייט האָט ער אין ספיקות געוואויגען דעם שטע-

קומען אין זיין האנט. לסוף האט ער אזוי געערדט: — און זיין שטים האט זיך פארוואנדעלט.

איצטער געה איך אליין, מיינע תלמידים, און אויך איהר זאלט איצטער אוועקגעהן פון דאנען און אליין. אזוי וויל איך.

באמת, איך גיב אייך מיין עצה: געהט אוועק פון מיר און וועהרט אייך אנטקעגען זאראטוסטרא! און נאך בעסער: שעמט זיך מיט אים! אפשר האט ער אייך אפגענארט.

דער מענש פון חשך דערקענטניס מוז ניט נאר ליעבען זיינע פיינד, נייערט אויך קאנען האסען זיינע פריינד.

מען באלוינט שלעכט א לעהרער, ווען מען בלייבט תמיד נאר א תלמיד. און פאר וואס זאלט איהר ניט צופען מיין קראנץ?

איהר פארעהרט מיך; אבער וואס וועט זיין אין יענעם טאג, ווען אייער פארעהרונג וועט אנידערפאלען? היט אייך, אז א בילד־זייל זאל אייך ניט דערשלאגען.

איהר זאגט, איהר גלויבט אין זאראטוסטרא? אבער וואס פאר א באטרעף האט זאראטוסטרא? איהר זייט מיינע גלויביגע; אבער וואס פאר א באטרעף האבען אלע גלויביגע?

איהר האט זיך אליין נאך ניט געזוכט: האט איהר מיך געפונען. אזוי טוען אלע גלויביגע; דעריבער האט יעדער גלויבען אזוי ווייניג ווערט.

איצטער הייס איך אייך, איהר זאלט מיך פארלירען און זיך געפינען; און ערשט ווען איהר האט מיך אלע פארלייקענט, וועל איך מיך ווידער אומקעהרען צו אייך.

באמת, מיט אנדערע אויגען, מיינע ברידער, וועל איך מיר יעמאלט זוכען מיינע פארלארענע; מיט אן אנדער ליעבע וועל איך יעמאלט ליעבען.

און ווען עס איז זאלט איהר ווערען מיינע פריינד, די קינדער פון איין האפענונג: יעמאלט וועל איך צום דריטען מאל זיין ביי אייך, כדי אין איינעם מיט אייך צו יום־טוב'ען דעם גרויסען מיטען־טאג.

און דאס איז דער גרויסער מיטען־טאג, ווען דער מענש שטעהט

אין זיין מיטען וועג צווישען דער חיה און דעם איבער־מענש און יום־טוב'ט זיין וועג צום אווענט, ווי זיין העכסטע האפענונג: ווייל דאס איז דער וועג צו א נייעם פריה־מארגען.

אין יענער צייט וועט דער אונטערגעהענדער זיך אליין בענשען, ער זאל זיין אן אריבערגעהענדער; און די זון פון זיין הערקענטנים וועט איהם שטעהן אין מיטען טאג.

„טויט זיינען אלע געטער: איז ווילען מיר עס זאל לעבען דער איבער־מענש" — דאס זאל זיין אונזער לעצטער ווילען אין יענעם גרויסען מיטען־טאג.

אזוי האט גערעדט זאראטוסטרא.

# אזוי האט גערעדט זאראטוסטרא

## צווייטער טייל

„און ערשט, ווען איר האט מיך אלע פאר־לייקנט, וועל איך מיך ווידער אומקערן צו אייך.

באמת, מיט אנדערע אויגן, מיינע ברידער, וועל איך מיך יעמאלט זוכן מיינע פארלארענע; מיט אן אנדער ליעבע וועל איך יעמאלט ליעבען".

זאראטוסטרא:

„די טוגענד, וואס שענקט",

(I, ז. 102).

## דאָס קינד מיט דעם שפּיגעל.

דערנאָכדעם איז זאַראַטוסטראַ ווידער אַוועק צוריק אין די בערג און אין דער איינזאַמקייט פון זיין הייל און האָט זיך דער־ווייטערט פון אַלע מענשען: ווי אַ זעיער־מאַן, וואָס האָט זיין זריעה צעשפּרייט, און ער וואַרט. זיין נשמה אָבער איז פול געוואָרען פון אומגעדולד און באַגעהר צו יענע, וועלכע ער האָט געליעבט: ווייל ער האָט געהאַט נאָך אַ סך וואָס צו געבען זיי. מחמת דאָס איז די שווערסטע זאַך: אוים ליעבע צו פאַרמאַכען די אָפענע האַנט און ניט צו פאַרלירען די בושה, ווי אַ שענקענדער.

אזוי זיינען דעם איינזאַמען פאַרגאַנגען חדשים און יאָהרען; זיין קלוגשאַפט אָבער איז געוואַקסען און האָט איהם וועה געטאָן מחמת איהר פולקייט.

אין איין פריה־מאָרגען אָבער האָט ער זיך אויפגעכאַפּט נאָך פאַר באַגינען, האָט לאַנג געטראַכט אויף זיין געלעגער און האָט לסוף אזוי גערעדט צו זיין האַרצען:

„וואָס האָב איך מיך דאָך אזוי דערשראָקען אין מיין חלום, וואָס איך האָב מיך אויפגעכאַפּט? איז ניט אַ קינד צוגעגאַנגען צו מיר, מיט אַ שפּיגעל אין דער האַנט?

„אָה, זאַראַטוסטראַ — האָט דאָס קינד געזאָגט צו מיר — קוק דיך איין אין דעם שפּיגעל!"

אָבער אַז איך האָב אַ קוק געטאָן אין דעם שפּיגעל, האָב איך אַ געשריי געטאָן און מיין האַרץ איז אויפגעציטערט געוואָרען, ווייל ניט מיך האָב איך דערזעהן דאָרטען, נייערט דעם פּרצוף־פּנים פון אַ טייוועל און אַ חוזק־לאַכען.

באמת, זעהר גוט פארשטעה איך דעם חלום'ס באדייט און זיין וואָרצלען: מיין ל ע ה ר ע איז אין געפאהר, ווילד־גראָז וויל זיך רופען ווייט.

מיינע פיינד זיינען געוואָרען מעכטיג און האָבען פארקרימט דעם תואר־פנים פון מיין לעהרע אזוי, אז מיינע ליעבסטע מוזען זיך שעמען מיט די מתנות, וואָס איך האָב זיי געגעבען.

מיינע פריינד זיינען פארלאָרען געגאנגען; עס איז געקומען פאר מיר די שעה, איך זאָל זוכען מיינע פארלאָרענע!" —

מיט אָט די ווערטער איז זאראטוסטרא אויפגעשפרונגען, אָבער ניט ווי א מאַן אין אנגסט, וואָס זוכט לופט, נייערט מעהר ווי א זעהער און זינגער, וועמען דער גייסט האָט באפאלען.

פארוואונדערט האָבען זיין אָדלער אויף איהם געקוקט: ווייל אזוי ווי די מאָרגענרויט איז געלעגען א קומענדער גליק אויף זיין פנים.

וואָס האָט פאסירט מיט מיר, מיינע בעלי־חיים? — האָט זאראטוסטרא געזאָגט. האָב איך מיך ניט געביטען? איז ניט דער העכסטער נחת געקומען צו מיר, ווי א שטורעם־ווינט?

בענאריש איז מיין גליק און בענאַרישטעס וועט עס ריידען: צו יונג איז ער נאָך — איז, האָט גערולד מיט איהם!

פארוואונדערט בין איך פון מיין גליק: אַלע ליידענדע זאָלען מיינע רופאים זיין!

צו מיינע פריינד מעג איך ווידער אראָפּשטייגען און אויך צו מיינע פיינד! זאראטוסטרא מעג ווידער ריידען און שענקען און טאָן דאָס ליעבסטע צו מיינע ליעבע!

מיין אומגעדולדיגע ליעבע פליסט אריבער אין שטראָמען, אראָפּ־צו, צו זון־אויפגאנג און אונטערגאנג. אויס די שווייגזאַמע בערג און די געוויטערען פון דעם שמאַרץ רוישט מיין נשמה אין די טאָלען.

צו לאַנג האָב איך געבענקט און געקוקט אין די ווייט. צו לאַנג

האָב איך געהערט צו דער איינזאַמקייט: אַזוי האָב איך דאָס שווייגען פאַרגעסען.

מויל בין איך געוואָרען דורך און דורך און ברויזען פון אַ וואַסער, וואָס פאַלט פון הויכע פעלזען: אַראָפּ־צו וויל איך מיינע רייד שליידערען אין די טאָלען.

און ווען אפילו מיין שטראָם פון ליעבע זאָל זיך שליידערען אין ערטער אָהן וועגען! ווי זאָל אַ שטראָם ניט געפינען לסוף זיין וועג צו דעם ים!

אמת, אַ זעע איז אין מיר, אַ פאַראיינזאַמטער און זיך־זעלבסט־בענוגזאַמער; אָבער מיין ליעבע־שטראָם רייסט איהם מיט זיך אַראָפּ־צו — אין האָם ים!

אין נייע וועגען געה איך, נייע רייד קומען צו מיר; איך בין ווי אַלע שאַפענדע, מיעד געוואָרען פון אַלטע צינגען. מיין גייסט וויל ניט מעהר אומגעהן אויף אַדאָפּגעטראָגענע שוך־טראָטען.

צו לאַנגזאַם איז מיר איטליך ריידען: — אין דיין וואָגען, אַ שטורעם, שפּרינג איך אריין. און אויך דיך וויל איך נאָך שמייסען מיט דער בייטש פון מיין רשעות!

ווי אַ געשריי און אַ יויכצען וויל איך מיך איבער ווייטע ים'ען אַ לאָז טאָן, ביז איך וועל די גליקזעליגע אינזלען געפינען, וואו מיינע פריינד רוהען: —

און מיינע שונאים צווישען זיי! ווי ליעב איך איצט איטליכען, צו וועמען איך קאָן ריידען! און מיינע שונאים געהערען צו מיין העכסטען נחת.

און ווען איך וויל אַרויף אויף מיין ווילדעסטען פערד, העלפט מיר תמיד אַם בעסטען מיין לאַנץ־שפּיעז אַרויפשטייגען: ער איז דער שטענדיג אָנגעגרייטער דיענער פון מיין פוס:

דער לאַנץ־שפּיעז וואָס איך שליידער אין מיינע פיינד! ווי דאַנקבאַר בין איך מיינע שונאים, וואָס איך קאָן איהם ענדליך שליידערען!

צו גרויס איז געווען די אָנגעשפּאַנטקייט פון מיין וואָלקען:

צווישען בליטץ־געלעכטערן וויל איך א גוס־האַגעל וואַרפען אין דער טיעף!

געוואַלטיג וועט זיך דאָ מיין ברוסט הויבען, געוואַלטיג וועט זי מיין שטורעם איבער די בערג אַרויסלאָזען: אַזוי וועט איהר גרינגער ווערען.

באמת, גלייך ווי א שטורעם קומט מיין גליק און מיין פריי־הייט! אָבער מיינע פיינד זאָלען מיינען, דאַס ניט־גוטער ווילדערט איבער זייערע קעפּ.

יע, אויך איהר וועט דערשראָקען ווערען, מיינע פריינד, פון מיין ווילדער קלוגשאַפּענקייט; און אפשר אַנטלויפט איהר אין איי־נעם מיט מיינע פיינד.

אַך, הלואי וויס איך, ווי אייך צוריקצוציהען מיט פּיטערערס־פלויטען! אַך, הלואי לערנט זיך אוים מיין לייבען־קלוגשאַפּענקייט, ווי אַזוי צאַרטליך צו ברומען! און א סך זאַכען האָבען מיר שוין געלערענט איינער מיט דעם אַנדערען!

מיין ווילדע קלוגשאַפּענקייט איז שוואַנגער געוואָרען אין די איינזאַמע בערג; אויף האַרטע שטיינער האָט זי מיר איהר יונגס געבאָרען, איהר אינגסטעס.

איצטער וואָגעלט זי אום, ווי משוגע, איבער'ן טרוקענעם מדבר און זוכט און זוכט א ווייכען גראָז־פלאַץ — מיין אַלטע ווילדע קלוגשאַפּענקייט!

אויף דעם ווייכען גראָז־פלאַץ פון אייערע הערצער, מיינע פריינד! — אויף אייער ליעבע וואָלט זי וועלען איהר ליעבסטעס אויסבעטען!

אזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ.

*　*

*

# אויף די גליקזעליגע אינזלען.

די פייגען פאלען פון די ביימער: זיי זיינען גוט און זיס; און בשעת זיי פאלען ווערט זייער רויטע הויט צוריסען. איך בין א צפון־ווינט פאר די צייטיגע פייגען.

אזוי ווי פייגען, פאלען פאר אייך אויך אט די לעהרען, מיינע פריינד: איז — טרינקט זייער זאפט און זייער זיסען פלייש! בלע־טער־פאל איז ארום און ריינער הימעל אין נאכמיטאג־צייט.

זעהט, וואס פאר א שפע ארום אונז איז! און פון דעם איבער־פול ארוים איז אזוי שעהן צו קוקען אויף די ווייטע ים׳ען.

אמאל פלעגט מען זאגען גאט, ווען מען האט געקוקט אויף די ווייטע ים׳ען. נאר איצטער האב איך אייך געלערנט צו זאגען: אויבער־מענש.

גאט איז א השערה. אבער איך וויל אז אייער השערה זאל ניט גרייכען ווייטער, איידער אייער שאפענדער ווילען.

קאנט איהר א גאט שאפען? איז, שווייגט מיר דאך מכוח אלע געטער! אבער איהר קאנט דאך שאפען דעם אויבער־מענש.

אפשר ניט איהר גופא, מיינע ברידער! אבער איהר קאנט זיך אליין איבערשאפען צו פאטערס און אורעלטערן פון דעם אויבער־מענש: און זאל דאס זיין אייער בעסטער שאפען!

גאט איז א השערה: אבער איך וויל, אז אייער משער־זיין זאל זיין באגרעניצט דורך דער דענקבארקייט.

קאנט איהר א גאט דענקען? — אבער דער ווילען צום אמת דארף באדייטען פאר אייך, אז אלץ זאל פארוואנדעלט ווערען אין מענשען־דענקבארעס, מענשען־זעהבארעס, מענשען־פיהלבא־רעס! אייערע אייגענע חושים זאלט איהר דורכדענקען ביז צום סוף!

און דאס, וואס איהר רופט וועלט, דאס דארף נאך ערשט פון אייך געשאפען ווערען: אייער שכל, אייער בילד, אייער ווילען, איי־

ער ליעבע, זאָל דאָס ווערען! און באמת, צו איז ע גרעסטען נחת, איהר דערקענענדע!

און ווי ווילט איהר אויסשטעהן דאָס לעבען אָהן אָט דער האָ־פענונג, איהרה דערקענענהען? איהר טאָרט ניט אריינגעבאָרען זיין ניט אין דעם אומבעגרייפליכען און ניט אין דעם אומ׳שכל׳דיגען.

נאָר לאָזט מיך אנטפלעקען פאַר אייך מיין גאַנצע האַרץ: — איהר פריינד מיינע: אויב עס וואָלטען געווען געטער, ווי וואָלט איך דאָס אויסגעהאַלטען, ניט צו זיין קיין גאָט! ממילא זיינען קיין געטער ניטאָ.

אמת, אָט דעם שלוס האָב איך געצויגען, איצטער אָבער ציהט ער מיך. —

גאָט איז אַ השערה, אָבער ווער קאָן טרינקען די גאַנצע פיין פון אזא השערה און בלייבען לעבען? זאָל דען חעם שאַפענדען אוועקגענומען ווערען זיין גלויבען און ביי דעם אָדלער זיין שוועבען אין אָדלער־ווייטען?

גאָט איז אַ געדאַנק, וואָס מאַכט קרום אַלץ וואָס איז גלייך און דרעהענד אַלץ וואָס שטעהט פעסט. ווי? איז ניטאָ מעהר די צייט? און איז אַלץ, וואָס פאַרגעהט—ניט מעהר ווי אַ שקר?

אזוינס צו דענקען איז אַ ווירבעל און אַ שווינדלען פאַר מענש־ליכע ביינער און אפילו פאַר׳ן מאָגען אַ חלשות: באמת, איך רוף דאָס די דרעהענדע קראַנקהייט, אזוינס זיך משער צו זיין.

בייז רוף איך דאָס און מענשענפיינדליך: אָט די אַלע לעה־רען וועגען דעם איינעם און דעם פולען און דעם אומבאוועגטען און דעם זאטען און דעם אומפאַרגאַנגליכען!

אַל׳ דאָס אומפאַרגאַנגליכע — דאָס איז נאָר אַ משל! — און די דיכטער לאַיגען צו־פיעל.*)

אָבער די בעסטע משלים דאַרפען ריידען וועגען צייט און

---

*) אַ פּאַלעמישער רמז אויף געטהען, וואָס האָט געזאָגט: „אַל׳ דאָס פאַר־גאַנגליכע איז נאָר אַ משל“. — דער איבערזעצער.

ווערן: אַ לויב זאָלען זיי זיין און אַ גערעכטיגונג פאַר די פאַרגאַנג־
ליכקייט!

שאַפען — דאָס איז די גרויסע גאולה פון לייחען און דאָס גרינג ווערען פון דעם לעבען. אָבער כדי עס זאָל זיין דער שאַפענדער, דערצו גופא איז נויטיג ליידען און אַ סך פאַרוואַנדלונגען.

יע, אַ סך פון ביטערען שטאַרבען מוז זיין אין אייער לעבען, איהר שאַפענדע! אַזוי אַרום זייט איהר סניגור׳ס און גערעכטיגערס פון אַל׳ דער פאַרגאַנגליכקייט.

כדי דער שאַפענדער זאָל אַליין זיין דאָס קינד, וואָס זאָל גע־באָרען ווערען, דערצו מוז ער וועלען זיין די געווינערין און די גע־בורט־שמערצען.

באמת, דורך הונדערט נשמות בין איך דורכגעגאַנגען אין מיין וועג און דורך הונדערט וועגען און געבורטס־וועהען. ניט איין מאָל האָב איך אָפּשייד גענומען, איך קען די האַרצברעכענדע לעצטע שטונדען.

אָבער אַזוי וויל דאָס מיין שאַפענדער ווילען, מיין שיקזאַל. אָדער, כדי צו זאָגען אייך נאָך עהרליכער: גראָד אַזאַ שיקזאַל וויל מיין ווילען.

אַל׳ דאָס פיהלענדע ליידט אין מיר און איז אין תפיסה: אָבער מיין ווילען קומט אַלע מאָל צו מיר ווי מיין בעפרייער און פרייד־ברענגער.

ווילען מאַכט פריי: דאָס איז די אמת׳ע לעהרע וועגען ווילען און פרייהייט — אַזוי לערנט זי אייך זאַראַטוסטראַ.

ניט־מעהר־ווילען און ניט־מעהר־שאַצען און ניט־מעהר־שאַ־פען! אַך, הלואי זאָל אָט די גרויסע איינגעמאַטערטקייט בלייבען ווייט פון מיר!

אויך אין דעם דערקענען פיהל איך נאָר די לוסט צום ווערן, און אויב עס איז דאָ אומשולד אין מיין דערקעננטניס, קומט דאָס דערפון, וואָס אין איהר איז דאָ ווילען צו באַפרוכפערונג.

פון גאָט און אַלע געטער האָט מיך אוועקגעצויגען אָט דער־

ווילען; וואלט דען געווען וואס צו שאפען, ווען געטער וואלטען עקזיסטירט!

אבער צו דעם מענשען טרייבט מיך שטענדיג אויף דאס ניי מיין ברענענדיגער שאפענסווילען; אזוי טרייבט עס דעם האמער צו דעם שטיין.

אך, איהר מענשען, אין דעם שטיין שלאפט מיר א בילד, דאס בילד פון מיינע בילדער! אך, פאר וואס מוז ער שלאפען אין דעם הארטעסטען, דעם מיאוס'טען שטיין!

איצט — ווילדצארענט מיין האמער אכזריות'דיג אויף זיין תפיסה. פון דעם שטיין פליהען שטיקער: וואס זאל מיך דאס אהרען?

איך וויל דאס צו־דעם־פולען־ענד־פיהרען: ווייל א שאטען איז געקומען צו מיר — דאס שטילסטע און לייכטעסטע פון אלע זאכען איז אמאל געקומען צו מיר!

דעם אויבער־מעשענס שעהנקייט איז געקומען צו מיר ווי א שאטען. אך, מיינע ברידער, וואס זאלען מיך נאך אהרען — די געטער!

אזוי האט גערעדט זאראטוסטרא.

* *

*

## די בעלי־רחמים.

מיינע פריינד, א שפאט־רייד האט דערגרייכט אייער פריינד: קוקט נאר אן זאראטוסטרא'ן! געהט ער ניט אום צווישען אונז גלייך ווי צווישען חיות?

נאר אזוי איז דאס בעסער געזאגט: „דער דערקענענדער געהט ארום צווישען מענשען, גראד ווי צווישען חיות".

דער מענש גופא אבער הייסט פאר דעם דערקענענדען: די חיה, וואס האט רויטע באקען.

ווי אזוי האט דאס מיט איהם פאסירט? איז דאס ניט מחמת ער האט זיך אפט געמוזט שעמען?

אַח, מיינע פריינד! אַזוי זאָגט דער דערקענענדער: בושה, בושה, בושה — דאָס איז די געשיכטע פון דעם מענשען!

און דעריבער מאַכט זיך דער איידעלער אַ געבאָט, ניט צו באַשעמען: שעמען זיך פאַר אַלע ליידענדע איז זיין באַפעהל צו זיך.

באמת, איך לייד זיי ניט, די באַרמהערציגע, וואָס האָבען נחת רוח פון זייער מיטלייד: עס פעהלט זיי צו־פיעל אין שעמעוודיגקייט.

אויב איך מוז זיין אַ בעל־רחמים, וויל איך דאָך ניט טראָגען דעם נאָמען; און ווען איך בין עס, איז בעסער פון דערווייטענס.

בעסער פאַרדעק איך מיין קאָפּ און פליה אַוועק, נאָך איידער מען האָט מיך דערקענט: און אַזוי הייס איך טאָן אויך אייך, מיינע פריינד!

הלואי זאָל מיין שיקזאַל מיר תמיד ברענגען איבער'ן וועג אַזוינע, וואָס זיינען פריי פון ליידען ווי איהר און אַזוינע, מיט וועמען איך מעג האָבען בשותפות האָפענונג, מאַלצייט און האָניג!

באמת, איך האָב געטאָן דאָס און יענס פאַר די ליידענדע: אָבער אַ בעסערע זאַך, דוכט מיר, האָב איך שטענדיג געטאָן, ווען איך האָב געלערנט, ווי זיך בעסער צו פרעהען.

זינט עס זיינען דאָ מענשען, האָט דער מענש זיך צו ווייניג געפרעהט: דאָס אַליין, מיינע ברידער, איז אונזער פאַר'ירשן'טע זינד!

און לערנען מיר זיך אויס, ווי זיך בעסער צו פרעהען, פאַרגעסען מיר אם בעסטען, ווי אַנדערע וועה צו טאָן און אויסצו־טראַכטן אַזינס, וואָס טוט וועה.

דעריבער וואַש איך מיר די האַנט, וואָס האָט געהאָלפען דעם ליידענדען, דעריבער וויש איך מיר אויך אָפּ די נשמה.

ווייל זעהענדיג דעם לייהענדען אין זיין ליידען האָב איך מיך געשעמט צוליעב זיין בושה, און אַז איך האָב איהם געהאָלפען, האָב איך מיך הארט פאַרזינדיגט אַנטקעגען זיין שטאָלץ.

גרויסע התחיבות'ען מאַכען ניט דאַנקבאַר, נייערט נקמה־זיכ־

טיג און ווען א קליינע טובה ווערט ניט פארגעסען, ווערט דאס א נאגענדער ווארים.

זייט איינגעהאלטען אין אנטנעמען! צייכענט איינעם אויס דורך דעם, וואס איהר נעמט ביי איהם אן! — אזוי איז מיין עצה פאר די, וואס האבען גארנישט צו פארשענקען.

איך בין אבער א שענקעטער: פריידיג שענק איך, ווי א פריינד דעם פריינד. פרעמדע אבער און ארעמע־לייט זאלען אליין אפפליקען זיך די פירות פון מיין בוים: אזוי באשעמט דאס ווע־ניגער.

בעטלער אבער זאל מען אין גאנצען אפשאפען! באמת, מען ערגערט זיך, צו געבען זיי, און מען ערגערט זיך ניט צו געבען זיי.

און דאס אייגענע אויך די זינדער און די שלעכטע געווי־סענס! גלויבט מיר, מיינע פריינד: דער ביס פון געוויסען לערנט איינעם צו בייסען.

דאס ערגסטע אבער איז — די קליינע געדאנקען. באמת, עס איז נאך בעסער בייז געטאן איידער קליין געטראכט.

הגם איהר זאגט: „די לוסט צו קליינע בייזקייטען פארשפארט אונז אן אנהער גרויסע בייזע טהאט“. אבער דא זאל מען ניט ווע־לען זיין שפארעוודיג.

ווי א געשוויר איז די בייזע טהאט: זי בייסט און קראצט און שלאגט אויס, — זי רעדט עהרליכע רייד.

„זעה, איך בין א קרענק“ — אזוי רעדט די בייזע טהאט; דאס איז איהר עהרליכקייט.

אבער צו דעם פילץ איז געגליכען דער קליינער געדאנק: ער קריכט און בויגט זיך אין דרייען און וויל ניט זיין ערגעץ־ניט — ביז דער גאנצער גוף ווערט צופוילט און פארוועלקט פון קליינע פילצען.

צו דעם אבער, וואס איז באזעסען פון א שד, זאג איך אט דאס ווארט אין אויער אריין: „ס'איז בעסער דו העלפסט איהם אויסוואקסען גרויס! אויך פאר דיר איז נאך דא א וועג צו גרויס!“

אך, מיינע ברידער! פון יעדען מענשען ווייס מען א ביסעל

צו־פיעל! אַן אַנדערער ווערט אונז דורכזיכטיג, אָבער פון דעסט־וועגען קאָנען מיר נאָך לאַנג ניט דורכדרינגען דורך איהם.

עס איז שווער צו לעבען מיט מענשען, ווייל שווייגען איז אַזוי שווער.

און ניט אַנטקעגען דעם זיינען מיר אַם אומגערעכטסטען, ווער עס איז אונז צואווידער, נייערט אַנטקעגען דעם, וואָס ליעגט אונז לגמרי ניט אין זינען.

האָסטו אָבער אַ ליידענדען פריינד, איז זיי אַ מקום־מנוחה פאַר זיינע ליידען, אָבער אַזוי ווי אַ האַרטע בעט, אַ פעלד־בעט: אַזוי וועסטו איהם אַם בעסטען נוצען.

און טוט דיר אַ פריינד אַן עולה, איז זאָג: „איך פאַרגיב דיר, וואָס דו האָסט מיר געטאָן; אָבער וואָס דו האָסט דערביי דיר אַליין געטאָן, ווי קאָן איך דיר דאָס מוחל זיין!"

אַזוי רעדט יענע גרויסע ליעבע: זי איז גובה אפילו די פאַר־געבונג און דעם רחמנות.

מען זאָל דאָס הארץ האַלטען פעסט: ווייל טאָמער לאָזט מען עס אָפּגעהן, אַנטלויפט מיט איהם באַלד אויך דער קאָפּ.

אך, וואו אין השר וועלט האָבען פּאַסירט אַזעלכע נאַרישקייט ווי ביי די בעלי־רחמים? און וואָס אין דער וועלט האָט אָנגע־טאָן מעהר יסורים איידער די טפשות פון די בעלי־רחמים?

וועה צו אַלע ליעבענדע, וואָס האָבען נאָך ניט דערגרייכט צו אַ הויך, וואָס שטעהט איבער זייער רחמנות.

אַזוי האָט צו מיר אַמאָל געזאָגט דער טייוועל: „אויך גאָט האָט זיין גיהנום: דאָס איז זיין ליעבע צו די מענשען".

און אַנומעלט האָב איך געהערט איהם זאָגען אָט די ווערטער: „גאָט איז טויט; פון זיין מיטלייד מיט די מענשען איז גאָט גע־שטאָרבען". —

דעריבער זייט מיר געוואָרענט פון דעם מיטלייד. פון דאַנען קומט נאָך אויף דעם מענשען אַ שווערער וואָלקען! באמת, איך בין אַ מבין אויף וועטער־סימנים!

מערקט אייך אָבער אָט דאָס וואָרט: יעדע גרויסע ליעבע

שטעהט איבער איהר גאנצען רחמנות: ווייל זי וויל דאס געליעבטע נאך — שאפען!

„מיך אליין ברענג איך א קרבן פאר מיין ליעבע און מיין שכן גלייך מיט מיר“ — אזוי איז דער נוסח פון אלע שאפענדע.

אלע שאפענדע אבער זיינען הארט.
אזוי האט גערעדט זאראטוסטרא.

* *
*

## די פריעסטער

און איינמאל האט זאראטוסטרא געגעבען זיינע תלמידים א צייכען און האט גערעדט צו זיי, אזוי צו זאגען:

„דא זיינען פריעסטער: און ווען אפילו זיי זיינען מיינע פיינד, געהט מיר שטיל אריבער פארביי זיי און מיט א שלאפענדען שווערד!

אויך צווישען זיי זיינען דא העלדען; א סך פון זיי האבען צו־פיעל געליטען — : איז ווילען זיי אנדערע מאכען לײדען.

בייזע פיינד זיינען זיי: קיין זאך איז ניט אזוי נקמה־דארשטיג ווי זייער ענייות. און לייכט באשמירט זיך דער, וואס ריהרט זיי אן.

אבער מיין בלוט איז א קרוב צו זייערן. און איך וויל אז מיין בלוט זאל נאך אפילו אין זייער בלוט עהרליך געהאלטען ווערען“.—

און אז זיי זיינען פאראיבער געגאנגען, איז א וועהטיג בעפאלען זאראטוסטרא'ן; און ניט לאנג האט ער זיך געראנגעלט מיט זיין שמארץ, ערשט ער האט אנגעהויבען צו ריידען, אזוי צו זאגען:

עס יאמערט מיין הארץ אין מיר אויף דעם פריעסטער. זיי זיינען מיר אויך צו־ווידער מיין געשמאק; אבער דאס איז פאר מיר די קלענסטע זאך, זינט איך בין צווישען מענשען.

אבער איך לייד און האב געליטען מיט זיי: זיי זיינען מיר

געפאנגענע און אפגעצייכנטע. דער, וועמען זיי רופען גואל, האט זיי אין שטריק געפענטעט.

אין שטריק פון פאלשע ווערטען און כשוף־ווערטער! אך, ווען איינער וואלט זיי אויסגעלייזט פון זייער אויסלייזער!

אויף אן אינזעל, האבען זיי אמאל געמיינט, זיינע זיי צו לאנד געקומען, בעת דער ים האט זיי ארומגעריסען; אבער זעה: דאס איז געווען נאר א שלאפענדע שרעקליכע בריאה!

פאלשע ווערטען און כשוף־ווערטער: דאס זיינען די ערגסטע שרעקליכע ברואים פאר די שטערבליכע, — א לאנגע צייט שלאפט און ווארט אין זיי די פארהענגעניש.

לסוף אבער קומט זי און וואכט און פרעסט און שלינגט אלץ, וואס האט אויפגעבויט זיינע ביידלעך אויף איהר.

אה, קוסט מיר נאר אן די ביידלעך, וואס אט די פריעסטער האבען אויפגעבויט! קירכען רופען זיי זייערע זיס־שמעקענדע הויהלען.

וועה צו דעם פארפעלשטען שיין, צו דער פארדומפענער לופט! דא, וואו די נשמה צו איהר הויך ארויף — טאר ניט פליהען!

נייערט אזוי באפעהלט זיי זייער גלויבען: „אויף די קני טרעפעל־וויז, איהר זינדיגע!”

באמת, בעססער זעה איך נאך א מענשען אהן חרפה, איידער די פארדרעהטע אויגען פון זייער בושה און זייער דביק'ען זיך.

ווער האט פאר זיך בעשאפען אזעלכע הויהלען און תשובה־טרעפ? זיינען דאס ניט געווען אזוינע, וואס האבען זיך געוואלט פארבארגען און זיך פאר דעם קלארען הימעל געשעמט?

און ערשט ווען דער קלארער הימעל וועט ווידער דורך צו־בראכענע דעכער דורכבליקען, און אראפבליקען אויף גראז און רויטע מאהן ביי די חרוב'ע מויער־ווענט, — וויל איך די פלעצער פון יענעם גאט ווידער מיין הארץ צוקעהרען.

גאט האבען זיי גערופען דאס, וואס איז געגאנגען להיפוך צו זיי און האט זיי וועה געטאן: און באמת עס איז געווען פיעל העל־דישעס אין זייער אנבעטונג.

און אנדערס האָבען זיי ניט געוואוסט ווי צו ליעבען זייער גאָט, סיידען ווי — צושלאָגען דעם מענשען צו א צלם!

ווי פגרים האָבען זיי געטראַכט צו לעבען, און שווארצען האָבען זיי איינגעדעקט זייער פגר; אויך פון זייערע רייד שמעק איך נאָך די חלשות־געווירץ פון א קברות־שטיבעל.

און ווער עס לעבט נאָהענט צו זיי, דער לעבט נאָהענט צו שווארצע וואסער־גראָבענס, פון וואנען די זשאַבע זינגט איהר ליעד מיט א זיסען טיעף־זין.

בעסערע ליעדער האָבען זיי געדארפט זינגען פאר מיר, איך זאָל קאָנען גלויבען אין זייער אויסלייזער: זיינע אנהענגער האבען אויסגעלייזטער געדארפט אויסזעהן!

איך וואָלט זיי געוואָלט זעהן נאַקעטע: ווייל נאָר די שעהנקייט זאָל רופען תשובה טאָן. אָבער וועמען וועט איבערדיידען אָט די פארקלײדטע מרה־שחורה!

באמת, זייערע אויסלייזער אליין זיינען ניט געקומען פון דער פרייהייט און פון דער פרייהייטס זיבעטען הימעל!

באמת, זיי אליין זיינען קיין מאָל ניט ארומגעגאנגען אויף די קאַוויאָרען פון דער חערקענטניס!

פון לעכער איז בעשטאַנען דער גייסט פון יענע אויסלייזער; אָבער אין יעדער לאָך האָבען זיי א שגעון אריינגעשטעלט, זייער לאָך־פארשטעלער, וואָס זיי רופען איהם גאָט.

אין זייער מיטלייד איז דערטרונקען געוואָרען זייער גייסט, און ווען זיי פלעגען ווערען אָנגעפליצט און אריבערגעפליצט פון מיטלייד פלעגט תמיד שווימען פון אויבען א גרויסע טפשות.

מיט א ברען און מיט א געשריי האָבען זיי געטריבען זייער הערד איבער זייער שטעג: אקוראט ווי צו דער צוקונפט וואָלט געווען נאָר א י י ן שטעג! באמת, אויך אָט די שאָף־פיטערער געהערען נאָך צו דעם שאָף.

קליינע גייסטער און ברייטע נשמות האָבען אָט די שאָף־פיטערער, אָבער, מיינע ברידער, וואָס פאר א קליינע לענדער זיינען ביז אהער געווען אפילו די ברייטעסטע נשמות!

בלוטצייכענס האָבען זיי געשריבען אויף דעם וועג, וואָס זיי זיינען געגאַנגען, און זייער טפשות האָט זיי געלערנט, אַז מיט בלוט בעווייזט מען דעם אמת.

אָבער בלוט איז דער ערגסטער עדות פאַר דעם אמת; בלוט פאַר'סם'ט די ריינסטע לעהרע צו שגעון און שנאה אין די הערצער.

און אפילו ווען איינער געהט אין פייער פאַר זיין לעהרע, — וואָס בעווייזט דאָס? א סך מעהר איז עס, באמת, ווען פון דעם אייגענעם בראַנד קומט ארויס די אייגענע לעהרע.

א שטיקענד־היציג האַרץ און א קאַלטער קאָפּ: וואו די טרעפען זיך צונויף, דאָרט שפּריצט ארויס דער ווירבעל־ווינט, דער „אויס־לייזער“.

עס זיינען, באמת, געווען גרעסערע און העכער־געבאָרענע, איי־דער די, וועמען דאָס פאָלק רופט אויסלייזער, אָט די מיט זיך רייסענדע ווירבעל־ווינטען!

און נאָך פון גרעסערע, איידער אַלע אויסלייזער, מוזט איהר, מיינע ברידער, אויסגעלייזט ווערען, אויב איהר ווילט דעם וועג גע־פינען צו פרייהייט!

עס איז נאָך קיינמאָל ניט געווען קיין אויבער־מענש. נאַקעט האָב איך ביידע געזעהען, דעם גרעסטען און דעם קלענסטען מענ־שען: —

זיי זיינען נאָך צו־פיעל ענהליך איינער דעם אנדערן. באמת, אויך דעם גרעסטען האָב איך געפונען — צו־פיעל מענשליך! —

אזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטרא.

*     *

*

## די רעכטשאַפענע.

מיט דונערען און הימעלשען פייערווערק דאַרף מען ריידען צו שלאַפע און פארשלאָפענע זינען.

אָבער די שטים פון שעהנקייט רעדט שטיל: זי שאַרט זיך אַריין נאָר אין די אויפגעוועקטע נשמות.

שטיל האָט מיר היינט אַ ציטער און אַ לאַך געטאָן מיין שולד: דאָס איז דער שעהנקייט'ס הייליג לאַכען און ציטער'ען.

פון אייך, די רעכטשאַפענע, האָט היינט מיין שעהנקייט געלאַכט. און אַזוי איז געקומען איהר שטים צו מיר: „זיי ווילען נאָך, מען זאָל זיי אויסצאָהלען!"

איהר ווילט נאָך, מען זאָל אייך אויסצאָהלען, איהר רעכטשאַפענע, איהר ווילט האָבען לוין פאַר טוגענד און הימעל פאַר ערד און אייביגס פאַר אייער היינט?

און ממילא זייט איהר אין גרימצאָרן אויף מיר, ווייל איך לערן, אַז ס'איז ניטאָ קיין לוין־ און צאָהל־מייסטער? און, אין דער אמת'ען, איך לערן אפילו ניט, אַז די רעכטשאַפענקייט איז איהר אייגענער לוין.

אַך, אָט דאָס איז מיין צער: אין דעם גרונט פון די זאַכען האָט מען שכר ועונש אַריינגעשקר'ט און אויך נאָך אין דעם גרונט פון אייערע נשמות, איהר רעכטשאַפענע!

אָבער ווי דער שנוק פון אַ וויעפער זאָל מיין וואָרט אויפרייסען דעם גרונט פון אייער נשמה. אַן אַקער־פלוג וועל איך הייסען ביי אייך.

אַלע פאַרבאָרגענקייטען פון אייער גרונט זאָלען אַרויס אין דער ליכטיג. און ווען איהר וועט ליעגען אויף דער זון אויפגעריסענע, צובראָכענע, וועט זיך דער שקר אַרויסשיידען פון אייער אמת.

ווייל דאָס איז אייער אמת: איהר זייט צו ריינליך פאַר דעם שמוץ פון די ווערטער: נקמה, שטראָף, שכר, באַלוינונג.

איהר ליעבט אייער רעכטשאַפענקייט, ווי אַ מוטער איהר קינד. אָבער וואו איז דאָס געהערט געוואָרען, אַז אַ מוטער זאָל וועלען באַצאָהלט זיין פאַר איהר ליעבע?

די טוגענד, דאָס איז אייער ליעבסטע ליעב. די דאָרשט פון דעם רינג איז אין אייך: זיך גופא ווידער צו דערגרייכען, דערצו רינגט און דרעהט זיך יעדער רינג.

און צו דעם שטערן געגליכען, וואָס ווערט פאַרלאָשען, איז איטליך ווערק פון אייער רעכטשאַפענקייט: תמיד איז זיין שיין נאָך־

אונטערוועגס און וואנדערט, און ווען ווערט עס ניט זיין אונטערוועגס?

אזוי איז דער ליכט־שיין פון אייער רעכטשאפענקייט נאך אונטערוועגס, ווען דאס ווערק איז שוין אפגעטאן: עס מעג שוין פארגעסן זיין און טויט: זיין ליכט־שטראל לעבט נאך און וואנדערט.

אז אייער טוגענד זאל זיין אייער זעלבסט און ניט א פרעמדס, א הויט, א מלבוש: דאס איז דער אמת פון אייער נשמה־גרונט, איהר רעכטשאפענע! —

נאר אודאי זיינען פאראן אזוינע, פאר וועמען טוגענד הייסט א קראמפף אונטער א בייטש, און איהר האט מיר צופיעל זיך איינגעהערט אין זייער געשריי!

און עס זיינען דא אנדערע, וואס רופען טוגענד די פוילקייט פון זייערע לאסטער; און ווען זייער האס און זייער אייפערזוכט הויבען אן אמאל אויסצוציהען זייערע גלידער, ווערט זייער „גערעכטיגקייט“ מונטער און רייבט זיך די פארשלאפענע אויגען.

און עס זיינען דא אנדערע, וואס ווערען געצויגען אראפ־צו: זייערע טייוואלים ציהען זיי. אבער וואס מעהר זיי זינקען, אלץ גליהענדער ווערט זייער אויג און די תשוקה נאך זייער גאט.

אך, אויך זייער געשריי איז אריינגעדרונגען אין אייערע אויערען, איהר רעכטשאפענע: „וואס איך בין נ י ט, דאס, דאס איז מיר גאט און רעכטשאפענקייט!“

און אנדערע זיינען פאראן, וואס קומען אן שווער און סקריפענדיג ווי וועגענער, וואס פיהרען שטיינער אראפ א בארג. זיי ריידען א סך מכוח השיבות און טוגענד, זייער ברעמזע רופען זיי טוגענד!

און עס זיינען דא אנדערע, וואס זיינען געגליכען צו טאגטעגליכע זייגערס, וואס ווערען אנגעדרעהט; זיי מאכען זייער טיקטאק און ווילען, מען זאל טיק־טאק רופען טוגענד.

באמת, פון זיי האב איך נחת: וואו איך געפין אזעלכע זייגערס, טו איך זיי מיט מיין שפאט אנדרעהען; און זאלען זיי מיר נאך דערביי כריפען.

און אנדערע זיינען שטאלץ אויף זייער הייפעלע גערעכטיג־

קייט און באַגעהן פון איהרט־וועגען עולות אויף אַלע זייטען: אַזוי, אַז די וועלט ווערט דערטרונקען אין זייער אומרעכט.

אַך, ווי חלשות'דיג עס לויפט דאָס וואָרט „רעכטשאַפענקייט" פון זייער מויל. און בעת זיי זאָגען „איך בין גערעכט", קלינגט דאָס פונקט ווי: „איך האָב זיך אָפּגערעכענט!"*)

מיט זייער טוגענד ווילען זיי זייערע שונאים די אויגען אויסקראַצען; און זיי דערהויבען זיך, נאָר כדי אַנדערע צו דערנידעריגען.

און ווידער זיינען דאָ אַזוינע, וואָס זיצען אין זייער זומפּ און אַזוי ריידען זיי אַרויס פון זייער געמויזעכץ. „טוגענד — דאָס איז זיצען שטיל אין דעם זומפּ.

מיר בייסען קיינעם ניט און טרעטען אָפּ דעם וועג פאַר דעם וואָס וויל בייסען; און אין אַלע זאַכען האָבען מיר די מיינונג, וועלכע מען גיט אונז?"

און ווידער זיינען דאָ אַזוינע, וואָס האָבען ליעב העוויות און זיי מיינען: טוגענד איז אַ מין העויה.

זייערע קני טוען תמיד תפילה, זייערע הענד ברענגען שבחים פאַר דער רעכטשאַפענקייט, אָבער זייער האַרץ ווייס גאָרנישט דערפון.

און ווידער זיינען דאָ אַזוינע, — וואָס רעכענען דאָס פאַר טוגענד, ווען זיי זאָגען: „טוגענד איז נויטווענדיג"; אָבער אין גרונט גלויבען זיי נאָר, אַז די פּאָליציי איז נויטווענדיג.

און אַן אַנדערער, וואָס קען ניט זעהן דאָס הויכע וואָס אין די מענשען, רופט דאָס טוגענד, ווען ער זעהט צו נאָהענט זייער נידעריגס: אַזוי רופט ער טוגענד זיין בייז אויג.

און אייניגע ווילען פריידיג־אויפגעלויכטען און אויפגעהויבען ווערען און רופען דאָס טוגענד, און אַנדערע ווילען אַנידערגעוואָרפען ווערען — און רופען דאָס אויך טוגענד.

אויף אַזאַ'ן אופן גלויבען כמעט אַלע, אַז זיי האָבען אַ חלק

---

*) אַ ווערטערשפּיל פון „איך בין גערעכט" און „איך בין געראָכען" פון דעם וואָרט ראַכע — נקמה. — דער איבערזעצער.

אין דער רעבטשאפענקייט; און לפחות וויל יעדער זיין א מבין אין „גוט" און „בייז".

אבער ניט צוליעב דעם איז געקומען זאראטוסטרא, צו זאגען אלע אט די ליגנער און נאראנים: „וואס ווייסט א י ה ר פון טוגענד? וואס ק א נ ט איהר וויסען פון טוגענד!" —

נייערט צוליעב דעם, מיינע פריינד, כדי איהר זאלט מיעד ווערען פון די אלטע ווערטער, וואס איהר האט געלערנט מין די נארען און שקרנים:

מיעד ווערען פון די ווערטער „שכר", „באלוינונג", „שטראף", „נקמה אין דער גערעכטיגקייט" —

מיעד ווערען צו זאגען: „ווען א האנדלונג איז גוט, קומט דאס דערפון, וואס זי איז ניט-זעלבסטיש".

אך, מיינע פריינד! אז א י י ע ר זעלבסט זאל אין דער האנדלונג זיין, ווי די מוטער אין חעם קינד: אט דאס זאל מיר א י יע ר ווארט זיין וועגען דער טוגענד!

באמת, איך האב ביי אייך צוגענומען א הונדערט ווערטער און די ליעבסטע שפיעל-זאכען פון אייער טוגענד; און איצטער זייט איהר ברוגז אויף מיר, ווי קינדער ברוגז'ען זיך.

זיי האבען ביים ים געשפיעלט, — איז א כינד געקומען און האט איהרע שפיעלכעלעך אין חער טיעף געריסען: איז וויינען זיי.

אבער דיזעלביגע כינד זאל זיי נייע שפיעלכעלעך ברענגען און נייע פיעל-פארביקע מויער-קעפעלעך פאר זיי אויסשיטען!

אזוי וועלען זיי געטרויסט זיין; און צו זיי געגליכען, זאלט אויך איהר, מיינע פריינד אייער נחמה געפינען — און נייע פיעל-פארביגע מויער-קעפעלעך.

אזוי האט גערעדט זאראטוסטרא.

* *

*

## דער ערב־רב.

דאָס לעבען איז אַ קוואַל פון לוסט; אָבער וואו דער ערב־רב טרינקט מיט, דאָרטען זיינען אַלע ברונענס פאַר'סם'ט.

איך בין צוגעלאָזט צו אַלץ, וואָס איז ריינליך; אָבער איך קאָן די שצירענדע מיילער ניט אָנזעהן און דעם דאָרשט פון די אומריינע.

זיי האָבען זייערע בליקען אַראָפּ אין דעם ברונען געוואָרפען: גלאַנצט מיר איצטער פון דעם ברונען אַרויס זייער דערווידעריג שמייכעל.

דאָס הייליגע וואַסער האָבען זיי פאַר'סם'ט מיט זייער ניאוף־לוסט; און ווען זיי האָבען זייערע שמוציגע חלומות אָנגערופען לוסט, האָבען זיי פאַר'סם'ט אויך די ווערטער.

די פלאַם ווערט פאַר'ברוגז'ט, ווען זיי לייגען זייערע פייכטע הערצער פאַר'ן פייער; דער גייסט גופא זידט אויף און רויכערט זיך, וואו דער ערב־רב טרעט צום פייער צו.

זיסליך און איבער־צייטיג ווערט אין זייער האַנט די פרוכט: ווינטפאַליג און דאַר ביז צום שפּיץ מאַכט זייער בליק דעם פרוכט־בוים.

און אַ אַנדערער, וואָס האָט זיך אָפּגעקערט פון דעם לעבען, האָט זיך נאָר אָפּגעקערט פון דעם ערב־רב: ער האָט ניט געוואָלט זיך איינטיילען מיט'ן געזינדעל אין ברונען, פלאַם און פרוכט.

און אַן אַנדערער, וואָס איז אין מדבר אַוועק און האָט מיט רויב־חיות דאָרשט געליטען, האָט נאָר ניט געוואָלט מיט שמוציגע קעמעל־טרייבער זיצען אַרום דער ציסטערנע.

און אַן אַנדערער, וואָס איז ווי אַ צושטערער אָנגעקומען און ווי אַ האָגעל־שלאַג פאַר אַלע פרוכט־פעלדער, האָט נאָר געוואָלט זיין פוס דעם געזינדעל אין פיסק אַריינשטעקען און אַזוי אַרום זיין האַלז פאַרשטאָפּען.

און ניט דאָס איז דער ביסען, אויף וועלכע איך האָב מיר

דאָס מעהרסטען געוואָרגט, דער וויסען, אַז דאָס לעבען גופא נויטיגט זיך אין פיינדשאַפט, שטאַרבען און מאַרטער-געציינ: —

גייערט איך האָב אַמאָל געפרעגט און בין כמעט דערשטיקט געוואָרען פון מיין שאלה: ווי? האָט דאָס לעבען נויטיג אויך דעם ערב־רב

זיינען נויטיג פאַרגיפטעטע ברונעמס און שטינקענדע פייערס און באַשמוצטע חלומות און ווערים אין דעם ברויט פון לעבען?

ניט מיין האַס, נאָר מיין עקעל האָט הונגעריג געפרעסען מיין לעבען. אַך, דער גייסט האָט מיר אָפטמאָל דערעסען, ווען איך האָב געפונען, אַז אויך דער ערב־רב איז גייסטרייך!

און צו די הערשער האָב איך אומגעקערט מיין רוקען, אַז איך האָב דערזעהן, וואָס זיי רופען איצטער הערשען: שאַכערן און מקח וממכר'ן צוליעב מאַכט — מיט דעם ערב־רב.

צווישען פעלקער פון אַ פרעמדען לשון האָב איך געוואוינט מיט פאַרשלאָסענע אויערען: כדי דער לשון פון זייער שאַכערען זאָל מיר בלייבען פרעמד און זייער מקח־וממכר מיט מאַכט.

און די נאָז מיר צוגעהאַלטען, בין איך געגאַנגען ביטער־מוטיג דורך דעם גאַנצען נעכטען און דעם היינט: באמת, דער גאַנצער נעכטען און דער היינט שמעקט חלשות פון דעם שרייבענדען ערב־רב.

צו אַ קריפעל גלייך, וואָס איז טויב און בלינד און שטום געוואָרען, אַזוי אַט האָב איך לאַנג געלעבט, כדי איך זאָל ניט לעבען מיט דעם מאַכט-געזינדעל, שרייב-געזינדעל און לוסט-געזינדעל.
מיט מיה און פאַרזיכט איז מיין גייסט אויף טרעפ געגאַנגען; נדבות פון לוסט זיינען געווען זיין דערקוויקונג; אויף אַ שטעקען האָט זיך שטיל גערוקט דעם בלינדענס לעבען.

וואָס האָט מיר דאָך פאַסירט? ווי האָב איך מיך אויסגעלייזט פון עקעל? ווער האָט מיין אויג פאַראיינגערט? ווי בין איך צו דער הויך דערפלויגען, וואו קיין געזינדעל זיצט ניט מעהר ביים ברונען?

האָט גופא מיין עקעל מיר פליגלען געשאַפען און קרעפטען.

וואָס שפּיהרען די קוואַלען? באמת, אין די זעכסטע הויך האָב איך געמוזט פליהען, כדי ווידער צו געפינען דעם ברונען פון לוסט!

אָה, מיינע ברידער, איך האָב אים געפונען! אָט דאָ אין דער זעכסטע קוואַלט מיר דער שליסעל פון לוסט!

און עס איז אַ לעבען פאַראַן, אין וועלכען קיין ערב־רב טרינקט ניט מיט.

כמעט צו האַסטיג שטראָמסט דו מיר, דו קוואַל פון דער לוסט! און אָפט ליידיגסט דו אויס ווידער דעם בעכער, דורכדעם וואָס דו ווילסט איהם אָנפילען!

און איך מוז מיך נאָך אויסלערנען עניוות'דיג גענעהען צו דיר: צו־פיעל האַסטיג נאָך שטראָמט דיר אַנטקעגען מיין האַרץ:

מיין האַרץ, וואָס אויף איהר ברענט מיין זומער, דער קורצער, דער הייסער, דער שווערמוטיגער, דער גן־עדן'דיגער: ווי פאַרלאַנגט מיין זומער־האַרץ דיין קיהל!

אַריבער איז דער ציטעריגער אומעט פון מיין פריהלינג! אַריבער די בייזקייט פון מיין שנעע־פּאַל אין יוני! איך בין געוואָרען זומער אין גאַנצען און מיטען־טאָג־זומער!

אַ זומער אין חער הויך מיט קאַלטע קוואַלען און געבענשטער שטיל: אָה, קומט, מיינע פריינד, כדי די שטיל זאָל נאָך ווערען געבענשטער!

ווייל דאָס איז אונזער הויך און אונזער היים־געבורט: צו הויך און שאַרף־משופּע'דיג וואוינען מיר דאָ אַלע אומריינע און זייער דאָרשט.

וואַרפט נאָר אייערע ריינע בליקען אין דעם קוואַל פון מיין לוסט, מיינע פריינד! ווי קאָן ער דערפון ווערען טריב! ער זאָל אייך אַנטקעגען־לאַכען מיט זיין ריינקייט.

אויף דעם בוים צוקונפט בויען מיר אונזער נעסט; אָדלער זאָלען אונז, איינזאַמע, ברענגען שפּייז אין זייערע שנאָבלען.

באמת, ניט קיין שפּייז, וואָס טמאים וועלען מעגען מיט־עסען! עס וואָלט זיך זיי דוכטען, זיי פרעסען פייער און זיי וועלען זיך די מיילער פאַרברענען!

באמת, ניט קיין היים־הייזער האַלטען מיר דאָ אנגעגרייט פאַר די טמאים! אייז־הויהלען פאַר זייערע לייבער וואָלט זיי אונזער גליק געהייסען און פאַר זייערע גייסטער!

און ווי שטאַרקע ווינטען ווילען מיר לעבען איבער זיי, שכנים די אָדלערען, שכנים דעם שנעע, שכנים דער זון: אַזוי־אַט לעבען שטאַרקע ווינטען.

און גלייך ווי אַ ווינט וועל איך אַמאָל נאָך אריינבלאָזען צווישען זיי און מיט מיין גייסט פאַרכאַפּען דעם אָטעם פון זייער גייסט: אַזוי וויל דאָס מיין צוקונפט.

באמת, אַ שטאַרקער ווינט איז זאַראַטוסטראַ פאַר אַלע נידערונגען: און אַזאַ'ן עצה גיט ער פאַר זיינע שונאים און פאַר אַלע, וואָס שפּייט און מייקענט: „היט אייך צו שפּייען אנטקעגען דעם ווינט!“

אַזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ.

* *
*

## די טאַראַנטעלען

זעה, אָט דאָס איז דער טאַראַנטעל'ס הויהל. ווילסטו זעהן זי נאָך? אָט דאָ הענגט איהר נעץ: ריהר דאָס אָן, עס זאָל אַ ציטערן טאָן.

אָט קומט זי ברצון: ברוך הבא, טאַראַנטעל! שוואַרץ זיצט אויף דיין רוקען דיין דריי־עק און סימבאָל; און איך ווייס אויך וואָס עס זיצט אין דיין נשמה.

נקמה זיצט אין דיין נשמה: וואוהין דו ביסט אַ ביס, דאָרטען וואַקסט שוואַרצע קרעץ. מיט נקמה מאַכט דיין גיפט שווינדלען און זיך דרעהען די נשמה.

אַזוי רייד איך אין אַ משל צו אייך, וואָס איהר מאַכט שווינדלען די נשמות, איהר פּרעדיגער פון גלייכהיים!

טאַראַנטעלען זייט איהר מיר און פאַרבאָרגענע נקמה־זיכטיגע!

אָבער איך וועל אייערע פאַרבאָרגעניסען שוין ארויסברענגען

אין דער ליכטיג: דעריבער לאך איך אייך אין פנים אריין מיין געלעכטער פון דער הויך.

דעריבער צום איך אייך ביי אייער נעז, כדי אייער גרים־צארן זאל אייך ארויסנארען פון אייער ליגען־הויהל אין אייער נקמה זאל ארויסשפרינגען הינטער אייער ווארט „גערעכטיגקייט".

ווייל אז דער מענש זאל אויסגעלייזט ווערען פון דער נקמה: דאס איז מיר די בריק צו דער העכסטער האפענונג און א רעגענבויגען נאך לאנגע שטורעמס.

אבער די טאראנטולען, אלי ספק, ווילען דאס האבען אנדערש. „דאס גראד הייסט ביי אונז גערעכטיגקייט, די וועלט זאל פול ווערען מיט שטורעמס פון אונזער נקמה" — אזוי־א רעדען זיי איינער מיט דעם אנדערן.

„נקמה ווילען מיר נעהמען און פארשווארצען אלעמען, וואס זיינען ניט אונזער גלייכען" — אזוי נעהמען אויף זיך א נדר די טאראנטעלען אין זייער הארצען.

און „דער ווילען צו גלייכהייט" — דאס אליין זאל מהיום והלאה ווערען דער נאמען פאר טוגענד. און אנטקעגען אלץ, וואס האט מאכט, ווילען מיר אונזער געשריי אויפהויבען!"

איהר פרעדיגער פון גלייכהייט, די טיראנען־משוגעת פון אהנך מאכט שרייט אזוי פון אייך נאך „גלייכהייט": אייערע פארבעהאלטענסטע טיראנען־געלוסטען פארקליידען זיך אזוי־א אין טוגענד ווערטער!

פאר'ברוגז'טע גאוה, פארבעהאלטענע קנאה, אפשר אויך די גאוה און די קנאה פון אייערע אבות: פון אייך רייסט זיך דאס ארויס ווי א פלאם און א משוגעת פון נקמה.

וואס דער פאטער האט פארשוויגען, דאס קומט ביים זוהן צו לשון; און אפט האב איך געפונען אין דעם זוהן דעם פאטערס אפגעדעקטען סוד.

זיי זעהען אויס ווי בעגייסטערטע: אבער ניט דאס הארץ בעגייסטערט זיי, נייערט די נקמה. און ווען זיי ווערען פיין און

יאַלט, איז דאָס ניט דער גייסט, נאָר די קנאה מאַכט זיי פיין און גאַלט.

זייער אייפערזוכט פיהרט זיי אויך אויף די וועגען פון די דענקער; און דאָס איז דער סימן פון זייער אייפערזוכט — תמיד געהען זיי צו ווייט: אַזוי אַז איהר מאַטקייט מוז לסוף זיך לייגען שלאָפען אויפ'ן שנעע.

פון יעדען אָנקלאַג זייערען קלינגט אַרוים נקמה. אין יעדען לויב זייערען רוהט א וועה־טהאָן, און זיין א ריכטער איז זיי א בענשונג.

אָבער איך, מיינע פריינד, ראַטה אייך אַזוי:

טרויט ניט קיינעם, אין וועמען עס איז מעכטיג דער אָנטריעב צו שטראָפען.

דאָס איז א פאָלק פון שלעכטען מין און יחוס. פון זייערע פּנים'ער בליקט דער תליון און דער שפּיהר־הונט.

טרויט ניט קיינעם פון די, וואָס ריידען פיעל וועגען זייער גערעכטיגקייט! באמת, אין זייערע נשמות פעהלט ניט נאָר דער האָניג.

און ווען זיי רופען זיך גופא „די גוטע און גערעכטע", איז פערגעסט ניט, אַז צו דעם פאַריסעער פעהלט זיי גאָרנישט אחוץ — מאַכט!

מיינע פריינד, איך וויל ניט פאַרמישט און פאַרביטען ווערען.

פאַראַן אַזעלכע, וואָס פּרעדיגען מיין לעהרע פון לעבען און צו דערזעלביגער צייט זיינען זיי פּרעדיגער פון גלייכהייט און טאַראַנטעלען.

וואָס זיי ריידען לטובת דעם לעבען, הגם זיי זיצען אין זייערע הויהלען, אָט די גיפט־שפּינען, און אָפּגעקערט פון דעם לעבען, דאָס קומט דערפון: זיי ווילען דערמיט וועה טאָן.

זיי ווילען דערמיט יענעם וועה טאָן, וואָס האָבען איצטער די מאַכט: ווייל ביי יענע ווערט נאָך די פּרעדיג פון טויט געהאַלטען בכבוד גדול.

וואָלט דאָס אַנדערש געווען, וואָלטען די טאַראַנטעלען אַן אַנ־

דער זאַך געלערנט: גראַד זיי זיינען דאָך אַמאָל געווען די ערגסטע וועלט־פאַרשוואַרצער און אַפּיקורסים־ברענער.

מיט אַט די פרעדיגער פון גלייכהייט וויל איך ניט פאַרמישט און פאַרביטען ווערין. ווייל אַזוי רעדט צו מ י ר די גערעכטיגקייט: „די מענשען זיינען ניט גלייך".

און זיי זאָלען דאָס אויך ניט ווערען! וואָס וואָלט דען געווען מיין ליעבע צו דעם אויבער־מענש, ווען איך וואָלט אַנדערש גערעדט?

אויף טויזענד בריקען און שטעגען זאָלען זיי זיך שטופּען צו דער צוקונפט, און תמיד זאָל אַלץ מעהר קריעג און אומגלייכקייט הערשען צווישען זיי: אַזוי הייסט מיר ריידען מיין גרויסע ליעבע!

אויסטראַכטער פון בילדער און געשפּענסטער זאָלען זיי ווערען אין זייערע פיינדשאַפטען, און מיט זייערע בילדער און געשפּענסטער זאָלען זיי נאָך קעמפּען זייער העכסטען קאַמף איינער אַנטקעגען דעם אַנדערן!

גוט און בייז, און רייך און אָרעם, און הויך און שפּל און אַלע נעמען פון די ווערטען: כלי־זין זאָלען דאָס זיין און קלינגענדע סימנים, אַז דאָס לעבען מוז זיך אַלע ווײלע גובר זיין!

אין דער הויך אַריין וויל עס זיך בויען מיט זיילען און טרעפּען, דאָס לעבען גופא: אין ווייטע ווייטען וויל עס בליקען און אַרויסקוקען צו געבענשטע שעהנקייטען: דעריבער דאַרף עס די הויך!

און ווייל דאָס לעבען דאַרף די הויך, דאַרף עס טרעפּען און דעם ווידעראַנאַנד צווישען טרעפּען און שטייגענדע. שטייגען וויל דאָס לעבען און שטייגענדיג זיך אַליין גובר זיין!

און זעהט מיר דאָך, מיינע פריינד! דאָ, וואו ס'איז די הויהל פון דער טאַראַנטעל, הויבען זיך אין דער הויך די חורבות פון אַן אַלטען טעמפּעל, — קוקט זיי נאָר אָן מיט ליכטיגע אויגען!

באמת, דער וואָס האָט דאָ אַמאָל זיינע געדאַנקען געשטורעמט אין שטיין, ער האָט דעם סוד פון אַל' דאָס לעבען געוואוסט, ווי דער קלוגשאַפענסטער!

אז קאמף און אומגליק זאָל נאָך אויך אין שעהנקייט ליעגען, און קריעג צוליעב מאכט און איבערמאכט: דאָס לערנט ער אונז דאָ אין דעם דייטליכסטען משל.

ווי געטליך עס ברעכען זיך דאָ אין ראנגעל־קאמף דער געוועלב און בויגען: ווי מיט ליכט און שאָטען שטרעבען זיי איינס להיפך צום אנדערען, די געטליך־שטרעבענדע —

אזוי זיכער און שעהן לאָמיר אויך שונאים זיין, מיינע פריינד! געטליך לאָמיר שטרעבען ו ו י ד ע ר אנאנד! —

וועה! אט האָט זי מיך א ביס געטאָן, די טאראנטעל, מיין אלטע פיינדין! געטליך זיכער און שעהן האָט זי מיר א ביס געגעבען אין פינגער!

„שטראָף מוז זיין און גערעכטיגקייט — אזוי טראכט זי: ניט אומזיסט זאָל ער דאָ ליעדער זינגען לכבוד דער פיינדשאפט!“

יע, זי האָט נקמה גענומען! און וועה! איצטער וועט זי אויך מיין נשמה זיך מאכען דרעהען מיט נקמה!

כדי איך זאָל מיך אָבער ניט דרעהען, מיינע פריינד, בינדט מיך דאָ פעסט צו אָט דעם זייל! בעסער וועל איך זיין א זיילען־הייליגער, איידער א ווירבעל פון נקמה־זוכט.

באמת, קיין דרעה־ און ווירבעל־ווינט איז זאראטוסטרא; און אויב ער איז א טענצער, טאנצט ער דאָך קיינמאָל ניט דעם טאראנ־טעלא־טאנץ.

אזוי האָט גערעדט זאראטוסטרא.

* *
*

## די באריהמטע תלמידי־חכמים.

דעם פאָלק האָט איהר געדיענט און דעם פאָלק׳ס אבערגלויבען, איהר באריהמטע תלמידי חכמים! — און נ י ט דעם אמת. און נאָר דערפאר האָט מען אייך אָפגעגעבען יראת הכבוד.

און דערפאר האָט מען אויך געדולד געהאט מיט אייער ניט־גלויבען. ווייל ער איז געווען א וויץ און אן אומוועג צו דעם פאָלק.

אזוי לאזט דער האר די שקלאווען א פרייען שפיעל און האט נאך הנאה פון זייער איבערמוט.

אבער ווער עס איז פארהאסט ביי דעם פאלק ווי א וואלף ביי די הינט, דאס איז דער פרייער גייסט, דער קייטען־פיינד, דער נים־אנבעטער, דער אין וועלדער־וואוינענדער.

איהם ארויסצויאגען פון זיין רוה־ארט — דאס האט אלע מאל געהייסען ביי דעם פאלק „זין פאר דאס רעכטע": אויף איהם רייצט ער נאך עד היום אן זיינע שארפצייהניגסטע הינט.

„ווייל דער אמת איז דא: איז דאך דאס פאלק דא! ווער, ווער צו די זוכענדע!" — אזוי־א קלינגט עס פון אייביג אן.

איהר האט געוואלט גערעכט געבען דעם פאלק אין זיין פאר־עהרונג: דאס רופט איהר „ווילען צום אמת", איהר באריהמטע חכמים!

און אייער הארץ האט תמיד גערעדט צו זיך אליין: „פון פאלק בין איך געקומען; פון דארטען איז צו מיר אויך געקומען די שטים פון גאט".

הארטנעקיג און קלוג, צו אן אייזעל געגליכען, זיינט איהר תמיד געווען די סניגור'ם פון'ם פאלק.

און אן אנדער מעכטיגער מאן, וואס האט געוואלט גוט פאהרען מיט דעם פאלק, האט איינגעשפאנט פאר זיינע פערד נאך — אן אייזעלע, א באריהמטען תלמיד־חכם.

און איצט וואלט וואלט איך געוואלט, איהר באריהמטע חכמים, איהר זאלט אמאל אין גאנצען אראפווארפען פון זיך דאס פעל פון דעם לייב!

דאס פעל פון דער רויב־חיה מיט בונטע פלעקען, און די לאקען־קאלטענס פון דעם פארשער, דעם זוכער, דעם איינגעהמער.

אך, כדי איך זאל אנהויבען גלויבען אין אייער „וואהרהאפ־טינקייט", דערצו מוזט איהר מיר ערשט אייער פארעהרענדען ווילען צוברעכען.

א וואהרהאפטיגער — אזוי רוף איך יענעם, וועלכער געהט

אין מדבריות וואָס האָבן געטער און האָט צובראָכען זיין פאַר־עהרענד הארץ.

אין געלען זאַמד און פאַרברענט פון דער זון, קוקט ער דורש־טיג באלכסון אויף די אינזלען, רייך אין קוועלען, וואו ס׳לעבען רוהם אונטער טונקעלע בוימער.

אָבער זיין דאָרשט רעדט איהם ניט איין, צו ווערען גלייך ווי יענע צופרידענע: ווייל וואו אָזען זיינען דאָ, זיינען אויך דאָ געטצען־בילדער.

הונגערנד, געוואַלטטעטיג, איינזאַם, אָהן א גאָט, אזוי וויל זיך גופא דער לייבען־ווילען.

פריי פון א קנעכטישען גליק, אויסגעלייזט פון געטער און אנבעטונגען, אָהן מורא און מורא׳דיג, גרויס און איינזאַם: אזוי איז דער ווילען פון דעם וואָהרהאַפטיגען.

אין דעם מדבר האָבען מעולם געוואוינט די וואָהרהאַפטיגע, די פרייע גייסטער, ווי די הארען פון דעם מדבר; אָבער אין די שטעדט וואוינען די גוט־געפיטערטע באריהמטע תלמידי־חכמים — די ציה־בהמות.

ווייל תמיד ציהען זיי ווי די אייזלען דעם פ אָ ל ק ס וואַ־גען!

איך בין חלילה אויף זיי ניט ברוגז דערפאַר. זיי בלייבען פאַר מיר אָבער דיענער און איינגעשפּאַנטע, אפילו ווען זייער געשפּאַן גלענצט פון גאָלד.

און אָפט זיינען זיי געוועזן גוטע דיענער און ווערט דעם מקח. ווייל אזוי זאָגט די רעכטשאַפענקייט: „אויב דו מוזט א דיענער זיין, איז זוך אויס דעם, וועמען דיין דיענסט וועט אם בעסטען נוצען ברענגען!

„דער גייסט און די טוגענד פון דיין האר זאָלען וואַקסען א דאנק דעם, וואָס דו ביזט זיין דיענער: אזוי ארום וועסטו אליין וואַקסען מיט זיין גייסט און זיין טוגענד!“

און באמת, איהר באריהמטע תלמידי־חכמים, איהר דיענער פון דעם פאָלק! איהר גופא זייט געוואַקסען מיט דעם פאָלק׳ס

גייסט און טוגענד פון דאס פאלק — א דאנק אייך! צוליעב אייער כבוד זאג איך דאס!

אבער פאלק בלייבט איהר נאך אין אייערע טוגענדען, פאלק מיט זיין שוואכער ראיה, — פאלק, וואס ווייס נ״ט, וואס אזוינס איז גייסט!

גייסט איז דאס לעבען וואס שניידט אליין זיך אריין אין דעם לעבען: אין דעם אייגענעם פיין פארמעהרט ער זיך דעם אייגענעם וויסען, — האט איהר דאס שוין געוואוסט?

און דער גליק פון דעם גייסט איז אט דאס: געזאלבט צו זיין און דורך טרעהרען געהייליגט צו זיין פאר א קרבן, — האט איהר דאס שוין געוואוסט?

און די בלינדקייט פון דעם בלינדען און זיין זוכען און טאפען זאל נאך עדות זאגען אויף דער מאכט פון דער זון, אין וועלכער ער האט געבליקט, — האט איהר דאס שוין געוואוסט?

און מיט בערג זאל דער דערקענער זיך אויסלערנען **ב ג י ע ן**! ס'איז ווייניג וואס דער גייסט טוט אריבערשלעפען בערג, — האט איהר דאס שוין געוואוסט?

איהר קענט נאר די פונקען פון דעם גייסט. אבער איהר זעהט ניט דעם שמיעד־קלאץ, וואס ער איז, און די גרויזאמקייט פון זיין האמער!

באמת, איהר קענט נאך ניט דעם שטאלץ פון דעם גייסט! אבער נאך ווייניגער וואלט איהר געקאנט פארטראגען די עניוות פון דעם גייסט, ווען זי וואלט אמאל ריידען געוואלט!

און קיינמאל נאך האט איהר ניט געטארט ווארפען אייער גייסט אין א גרוב פון שנעע: איהר זייט ניט הייס גענוג דערצו. אזוי ארום קענט איהר אויך ניט דעם עונג־רוח פון זיין קעלט.

אין אלע פרטים אבער זייט איהר מיר צו ברודער־בברודער מיט דעם גייסט; און פון דער קלוגשאפענקייט האט איהר אפט א הקדש געמאכט אדער א שפיטאל פאר שלעכטע דיכטער.

איהר זייט ניט קיין אדלערס: האט איהר אויך ניט דורכגע־

לעבט דאָס גליק אין דעם שרעק פון דעם גייסט. און ווער עס איז ניט קיין פויגעל, זאָל ניט הויערען איבער די אָפּגרונטען.

איהר זייט לעבליך: אָבער קאַלט שטראָמט יעדע טיעפע דערקענטניס. אייז־קאַלט זיינען די אינוועניגסטע ברונענס פון דעם גייסט. אַ דערקוויקונג פאַר הייסע הענד און האַנדלענדע.

בכבוד'ע שטעהט איהר מיר דאָ און שטייף און מיט גלייכע רוקענס, איהר באַריהמטע תּלמידי חכמים! — אייך טרייבט ניט קיין שטאַרקער ווינט און ווילען.

האָט איהר קיין מאָל ניט געזעהען קיין שיף־לייווענט איבער דעם ים, געקיילעכט און אויפגעבלאָזען און געציטערט פאַר דער שטורעם־מאַכט פון דעם ווינט?

צו דעם שיף־לייווענט גלייך, וואָס ציטערט פאַר דער שטורעם־מאַכט פון דעם גייסט, געהט מיין קלוגשאַפט איבער דעם ים — מיין ווילדע קלוגשאַפענקייט!

אָבער איהר דיענער פון דעם פאָלק, איהר באַריהמטע תּלמידי־חכמים, ווי האָט איהר ג ע ק אָ נ ט געהן מיט מיר! —

אזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ.

* *
*

## דאָס נאַכט־ליעד.

ס'איז נאַכט. איצט ריידען העכער אַלע שפּרינגענדע ברונענס. און אויך מיין נשמה איז אַ שפּרינגענדער ברונען.

ס'איז נאַכט. איצט ערשט וואַכען אויף אַלע ליעדער פון די ליעבענדע. און אויך מיין נשמה איז אַ ליעד פון אַ ליעבענדען.

אַן אומגעשטילטס, אַן אומשטילבאַרס איז אין מיר; עס וויל זיך אַרויסריידען. אַ באַגעהר נאָך ליעבע איז אין מיר, וואָס רעדט אַליין די שפּראַך פון ליעבע.

ליכט־שיין בין איך: אַך, ווען איך וואָלט נאַכט געוועזען. אָבער דאָס איז מיין איינזאַמקייט, וואָס איך בין אַרומגעגורט מיט

אך, ווען איך וואָלט טונקעל געווען און נאכטיג, ווי וואָלט איך געזויגען פון די בריסט פון דעם ליכט־שיין!

און אפילו אייך גופא וואָלט איך געבענשט, איהר קליינע פונ־קעל־שטערען און לויכט־ווערים דאָרטען אויבען! און גליקליך זיין מיט אייערע לויכט־מתנות.

אָבער איך לעב אין מיין אייגענעם ליכט־שיין, איך טרינק אין מיר צוריק אריין די פלאַמען, וואָס רייסען זיך ארויס פון מיר.

איך קען ניט דאָס גליק פון די נעהמענדע. און אָפט האָב איך געטרוימט, אז גנב'ענען דאַרף נאָך א גרעסערער תענוג זיין איידער נעהמען.

אָט דערין איז מיין דלות, וואָס מיין האנט טוט קיינמאָל ניט אויסרוהען פון שענקען; אָט דערין איז מיין קנאה, וואָס איך זעה ווארטענדע אויגען און די אויפגעלויכטענע נעכט פון דער בענק־שאפט.

אָה, די קללה אויף אַלע שענקענדע! אָ, פאַרפינסטערונג פון מיין זון! אָ, די תשוקה צו באַגעהרען! אָ, הייס־הונגער אין דער זעטיגונג!

זיי נעהמען פון מיר: אָבער טו איך אָנריהרען זייער נשמה? א תהום איז צווישען געבען און נעהמען, און איבער דעם קלענסטען תהום מוז מען נאָך א בריק בויען לסוף.

א הונגער וואַקסט ארויס פון מיין שעהנקייט: וועה־טאָן ווילט זיך מיר יענע, וועמען איך לויכט, באַרויבען ווילט זיך מיר מיינע באַשענקטע: — אזוי־אַ הונגער איך נאָך בייזקייט.

די האנט צוריקציהען, בשעת א האנט האָט זיך שוין איהר אנטקעגנען אויסגעשטרעקט; זיך איינהאַלטען ווי א וואַסער־פאַל, בשעת ער וויל זיך גופא איינהאַלטען אין זיין שטורץ: — אזוי הונגער איך נאָך רשעות.

אזא נקמה טראַכט מיין שפע אויס; אזא מוטוויליגען קוואַלט ארויס פון מיין איינזאַמקייט.

מיין גליק אין שענקען איז געשטאָרבען אין שענקען, מיין טוגענד גופא איז מיעד געוואָרען פון איהר איבערפלוס!

ווער עס שענקט תמיד, יענעמ'ס געפּאהר איז, וואָס ער פאַר־לירט די בושה; ווער עס טוט רק אויסטיילען, יענעמ'ס האַנד און האַרץ באַקומען האָרן־הויט פון לויטער אויסטיילען.

מיין אויג ווערט ניט מעהר אריבערגעקוואָלט מחמת דער בושה פון די, וואָס בעטען; מיין האַנט איז געוואָרען צו האַרט פאַר דאָס ציטערען פון די אָנגעפילטע הענט.

וואוהין איז אַוועק די טרער פון מיין אויג און די ווייך פון מיין האַרצען? אָ, איינזאַמקייט פון אַלע שענקענדע! אָ, שוויי־גזאַמקייט פון אַלע לייכטענדע!

א סך זונען קרייזען אין דעם וויסטען חלל: צו אַלץ, וואָס איז טונקעל, ריידען זיי מיט זייער שיין, — צו מיר שווייגען זיי.

אָ, דאָס איז די שנאה פון דעם ליכט־שיין צו דעם לייכטענדען, אָהן רחמנות געהט ער זיינע וועגען.

אומגערעכט אין טיעפסטען האַרצען צו אַלץ, וואָס לויכט, קאַלט צו די זונען, — אַזוי־אַ געהט איהר וועג יעדע זון.

ווי אַ שטורעם פליהען די זונען זייערע וועגען, — דאָס איז זייער וואַנדלען. זיי געהן נאָך נאָך זייער ניט־איין־צו־בעטענעם ווילען, דאָס איז זייער קעלט.

אָ, דאָס זייט איהר ערשט, איהר טונקעלע, איהר נאַכטיגע, וואָס שאַפען וואַרעמקייט פון די לייכטענדע! אָ, איהר ערשט טרינקט מילך און דערקוויקונג אויס די אייטערס פון דעם ליכט־שיין!

אַך, אייז איז אַרום מיר, מיין האַנט פאַרברענט זיך אָן דעם אייזיגען! אַך, דאָרשט איז אין מיר, וואָס שמאַכט נאָך אייער דאָרשט!

נאַכט איז עס: אַך, פאַר וואָס מוז איך זיין ליכט־שיין! און דאָרשט נאָך נאַכטיגס! און איינזאַמקייט!

נאַכט איז עס: איצט רייסט זיך אַרויס פון מיר, ווי אַ פאָנ־טאַן, מיין פאַרלאַנג, — עס פאַרלאַנגט זיך מיר צו ריידען.

נאַכט איז עס: איצט ריידען העכער אַלע שפּרינגענדע בּרו־נענס. און אויך מיין נשמה איז אַ שפּרינגענדער ברונען.

נאכט איז עס: איצט וואכען אויף אַלע ליעדער פון די ליע־בענדע. און אויך מיין נשמה איז א ליעד פון א ליעבענדען. —
אזוי האָט געזונגען זאראטוסטרא.

*    *
*

## דאָס טאַנץ־ליעד.

אמאָל אין אַן אָווענט איז זאראטוסטרא געגאַנגען מיט זיינע תלמידים דורכ'ן וואַלד, און ווען ער האָט געזוכט א ברונען, ערשט, ער איז ארויפגעקומען אויף א גרינער לאָנע, וואָס איז געווען שטיל ארום־געשטאַנען פון בוימען און געבוש: אויף איהר האָבען מיידלעך איינס מיט'ן אנדערן געטאַנצט. ווי נאָר די מיידלעך האָבען דערקענט זאראטוסטרא'ן, האָבען זיי פארלאָזען דעם טאַנץ. זאַראטוסטרא אָבער איז צוגעגאַנגען צו זיי מיט א פריינדליכער מינע און האָט צו זיי אָט די ווערטער געזאָגט:

„פארלאָזט ניט דעם טאַנץ, איהר ליעבליכע מיידלעך! ניט קיין שפיעל־פארדארבער איז געקומען צו אייך מיט'ן בייזען בליק, ניט קיין מיידעל־פיינד.

גאָט'ס סניגר בין איך פאר דעם טייוועל: דער אָבער איז פירסט פון דער שווער.

ווי זאָל איך, איהר גרינגע, זיין א שונא די געטליכע טענץ? אָדער די מיידעל־פיס מיט שעהנע קנעבעל?

אודאי בין איך א וואַלד און א נאכט פון טונקעלע בוימער. אָבער ווער עס האָט קיין מורא ניט פאר מיין טונקעל דער געפינט אויך רויזען־בושען צווישען מיינע קיפּרעסען.

און אויך דעם קליינעם גאָט געפינט ער אוים, וואָס איז פאר די מיידלעך דער ליעבסטער: לעבען ברונען ליעגט ער שטיל, מיט געשלאָסענע אויגען.

באמת, אין העלען טאָג איז ער מיר איינגעשלאָפען, דער גנב! זיך אודאי נאָך שמעטערלינגען צופיעל געיאָגט?

זייט מיר ניט ברוגז, איהר שעהנע טענצערינס, ווען איך וועל

דעם קליינעם גאָט אַ ביסעל באַשטראָפען. שרייען וועט ער געוויס און וויינען, — אָבער לאַכען קאָן ער נאָך אין מיטען וויינען!

און מיט טרערען אין די אויגען זאָל ער ביי אייך אַ טאַנץ בעטען, און איך אַליין וועל אַ ליעד זינגען צו זיין טאַנץ.

אַ טאַנץ־ און שפּאָט־ליעד אויף דעם גייסט פון דער שווער, אויף מיין אַלערהעכסטען גרויסמעכטיגסטען טייוועל, וואָס זיי זאָגען אויף איהם, ער איז „דער האר פון דער וועלט“.—

און דאָס איז דאָס ליעד, וואָס זאַראַטוסטראַ האָט געזונגען, בשעת קופּידאָן האָט מיט די מיידלעך געטאַנצט:

אין דיין אויג האָב איך אַנומעלט אַריינגעבליקט, אַ לעבען! און עס האָט מיר געדוכט, איך זינק איין אין אַזוינס, וואָס ניט צו דערגרייכען דעם גרונט.

אָבער דו האָסט מיט אַ גילדערנעם פאַנג־דראָט מיך אַרויסגעצויגען; שפּאָטיש האָסטו געלאַכט ווען איך האָב דיך אומדערגרינטליך גערופען.

„אַזוי געהט דער נוסח ביי אַלע פישען, האָסטו געזאָגט; וואָס זיי קאָנען ניט דערגרינדען, איז אומדערגרינטליך.

אָבער איך בין נאָר פאַרענדערליך און ווילד און אין אַלע פּרטים אַ ווייבס־פּאַרשוין און ניט קיין צדקנית:

הגם איך ווער ביי אייך, מאַנסבילען, גערופען „די טיעפע“ אָדער „די טריע“, „די אייביגע“, „די סודות־פולע“.

טוט איהר פּאַרט, איהר מאַנסביל, שטענדיג באַזינגען אונז מיט אייערע אייגענע טוגענדען — אך, איהר וצדקתך׳ס“.

אַזוי האָט זי געלאַכט, די אומגלויבליכע; אָבער איך גלויב איהר קיינמאָל ניט און אויך ניט איהר לאַכען, ווען זי רעדט לשון הרע אויף זיך גופא.

און אַז אונטער פיער אויגען האָב איך מיט מיין ווילדער קלוגשאַפּענקייט גערעדט, האָט זי מיר אין צאָרן געזאָגט: „דו ווילסט, דו נאַרסט, דו ליעבסט, דערפאַר אַליין ל ו י ב ס ט ו דאָס לעבען!“

שיער האָב איך געענטפערט איהר בייז, און דער פאַרצאָרענ־

מער שיער ניט דעם אמת געזאָגט; און בייזער קאָן מען ניט ענטפערען, ווי ווען מען „דעם אמת זאָגט" דער אייגענער קלוג־שאַפט.

ווייל אַזוי שטעהען די זאַכען צווישען אונז דריי. פון גרונד־אויס האָב איך גאָר ליעב דאָס לעבען — און באמת, אַם מעהרסטען יעמאָלט, ווען איך האָב עס פיינט!

וואָס איך בין אָבער מיט דער קלוגשאַפט גוטפריינד און אָפט צו גוט, דאָס קומט דערפון: זי דערמאָנט מיך גאָר שטאַרק אָן דאָס לעבען.

זי האָט איהר אויג, איהר לאַכען און אפילו איהר גילדערן פאַנג־ריטעל: איז דאָס מיין שולד, וואָס זייביידע זיינען אַזוי עהנליך?

און אַז אַמאָל האָט מיך דאָס לעבען געפרעגט: ווער איז דאָס דען די קלוגשאַפט? — האָב איך מיט אַ ברען געענטפערט: „אַך יע! די קלוגשאַפט!

מען דאַרשט נאָך איהר און מען ווערט ניט זאַט, מען בליקט דורך אַ שלייער, מען יאָגט זיך נאָך איהר דורך נעצען.

איז זי שעהן? וואָס ווייס איך! אָבער די עלטסטע קאַרפען נאַרט מען מיט איהר אריין.

פאַרענדערליך איז זי און איינגעשפאַרט; איך האָב זי אָפט געזעהען בייסען די ליפען און דעם קאַם פיהרען אַנטקעגען דעם שטריך פון איהרע האָר.

אפשר איז זי אַ שלעכטע און פאַלשע און אין אַלע פּרטים אַ ווייבס־פאַרשוין; אָבער ווען זי רעדט שלעכט וועגען זיך, דאַ גראַד פאַרפיהרט זי אַם שטאַרקסטען.

אַז איך האָב דאָס געזאָגט צו דעם לעבען, האָט עס בייזהאַפט געלאַכט און האָט צוגעמאַכט די אויגען: „וועגען וועמען רעדסטו דאָס? האָט עס געזאָגט. ניט שוין וועגען מיר?

און אפילו ווען דו וואָלסט געוועזען גערעכט, — ווי זאָגט מען דאָס מיר אין דעם פּנים! אָבער נו — רייד דאָך אויך וועגען דיין קלוגשאַפט!"

אַך, און דאַ האָסטו ווידער דיין אויג אויפגעמאַכט, אָ, גע־

ליעבט לעבען! און ס'האט מיר ווידער געדוכט, אז איך זינק אין דעם ניט־צו־דערגרייכענדען אפגרונט.

אזוי האט געזונגען זאראטוסטרא. אבער, אז ס'האט זיך געענדיגט דער טאנץ און די מיידלעך זיינען אוועק, איז ער געווא־רען טרויעריג.

„די זון איז פארגאנגען שוין לאנג, האט ער ענדליך געזאגט. די לאנע איז פייכט, פון די וועלדער קומט קיהלקייט.

אן אומבאקאנטעס איז ארום מיר און בליקט פארזונקען אין טראכטען. וואס! דו לעבסט נאך, זאראטוסטרא?

פארוואס? צו וואס? דורך וואס? וואוהין? וואו? — ווי אזוי? — איז דאס ניט טפשות, נאך צו לעבען? —

אך, מיינע פריינד, דאס איז דער אווענט, וואס פרעגט אזוי פון מיר. איך בעט אייך איבער פאר מיין טרויעריגקייט!

עס איז אווענט געווארען: איך בעט אייך איבער, וואס ס'איז געווארען אווענט!"

אזוי האט גערעדט זאראטוסטרא.

* *
*

## דאס קברים־ליעד.

„דארטען איז די קברים־אינזעל, די שווייגזאמע; דארטען זיי־נען אויך די קברים פון מיין יוגענד. אהינצו וויל איך אויך אן אייביג־גרינעם קראנץ פון לעבען טראגען."

אזוי האב איך דאס באשלאסען אין הארצען, און איך בין געפאהרען איבער דעם ים. —

א, איהר מיינע יוגענד־זעהונגען און ערשיינונגען! א, איהר ליעבע בליקען אלע, איהר געטליכע אויגענבליקען! ווי שנעל זייט איהר מיר געשטארבען! איך דערמאהן אייך היינט ווי צו הזכרת נשמות.

פון אייך, מיינע ליעבסטע פארשטארבענע, קומט צו מיר א

זיסער גערוך, וואָס עפּענט האַרץ און טרערען. באמת, ער טרייסעלט אויף און עפּענט אויף דאָס האַרץ דעם איינזאַם שיפּענדען.

אַלץ נאָך בין איך דער רייכסטער, וועמען מען קאָן העכסט מקנא זיין — איך, דער איינזאַמסטער! ווייל איך האָב דאָך אייך געהאַט, און איהר האָט נאָך מיך: זאָגט, וועמען זיינען געפאַלען פון בוים אַזעלכע רויזען־עפּעל, ווי מיר?

אַלץ נאָך בין איך נאָך דער יורש און די פלאַנץ־ערד פון אייער ליעבע, וואָס בליהט צו אייער געדעכעניש מיט פיעל־פאַרביגע ווילד־וואַקסענדע טוגענדען, אָ, איהר געליעבטעסטע!

אַך, מיר זיינען בעשאַפען געוואָרען, צו בלייבען נאָהענט איינס צום אַנדערען, איהר ליעבליכע פרעמדע וואונדער; און ניט ווי ציטעריגע פויגעל זייט איהר געקומען צו מיר און מיין באַגעהר — ניין, ווי טרויענדע צו אַ טרויענדען!

יע, צו טרייקייט געשאַפען, ווי איך, און צו צערטליכע אייביגקייטען, און מוז איך אייך איצטער געבען אַ נאָמען נאָך אייער אומטרייקייט, איהר געטליכע בליקען און אויגענבליקען: איז קיין אַנדערען נאָמען האָב איך נאָך ניט געלערנט.

באמת, צו שנעל זייט איהר מיר געשטאָרבען, איהר אַנטפלויגענע. דאָך איהר זייט ניט אַנטפלויגען פון מיר און ניט איך בין אַנטפלויגען פון אייך: אומשולדיג זיינען מיר איינס דעם אַנדערן אין אונזער אומטרייקייט.

כדי מ י ך צו טויטען, האָט מען אייך דערוואָרגען, איהר זינגפויגעל פון מיינע האָפענונגען. יע, אין אייך, איהר ליעבסטע, האָט תמיד די רשעות געשאָסען — כדי אין מיין האַרץ צו טרעפען!

און זי האָט געטראָפען! זייט איהר דאָך שטענדיג געווען מיין האַרצינסטעס, מיין באַזיץ און מיין באַזעסען־זיין: דערפאַר האָט איהר געמוזט שטאַרבען יונג און אַזוי פריה!

אין דאָס פאַרוואונדבאַרסטע, וואָס איך האָב געהאַט, האָט מען דעם פייל געשאָסען: דאָס זייט איהר געווען, וואָס אייער הויט איז געווען געגליכען צו ווייכע יונגפעדערען און נאָך מעהר צו אַ שמייכעל, וואָס שטאַרבט פון אַ בליק.

אָבער אָט דאָס וואָרט וויל איך זאָגען צו מיינע פיינד: וואָס זיינען אַל׳ די מענשען־מאָרדען לגבי דעם, וואָס איהר האָט מיר געטאָן!

אָן ערגערע זאַך האָט איהר מיר געטאָן, איידער אַל׳ די מענשען־מאָרדען. וואָס קאָן אייביג ניט צוריקגעבראַכט ווערען האָט איהר צוגענומען ביי מיר: אַזוי רייד איך צו אייך, מיינע פיינד!

האָט איהר דאָך געטויט פון מיין יוגענד די זעהונגען און ליעבסטע וואונדער! מיינע שפּיעל־חברים האָט איהר אוועקגענומען פון מיר, די געבענשטע גייסטער. צו זייער גערעכעניס לייג איך אַנידער אָט דעם קראַנץ און אָט די קללה.

אָט די קללה אויף אייך, מיינע פיינד! דאָס האָט איהר דאָך קורץ געמאַכט מיין אייביגס ווי אַ טאָן, וואָס ווערט צובראָכען אין אַ קאַלטער נאַכט. עס איז געקומען צו מיר קוים ווי אַן אויפבליצען פון געטליכע אויגען, — ווי אַן אויגענבליק!

אַזוי האָט אַמאָל אין אַ גוטער שעה מיין ריינהייט געזאָגט: „יעדער יש זאָל מיר געטליך זיין“.

זייט איהר אָנגעפאַלען אויף מיר מיט שמוציגע געשפּענסטער; אַך, וואוהין איז אַנטפלויגען יענע גוטע שעה?

„אַלע טעג זאָלען מיר הייליג זיין“ — אַזוי האָט אַמאָל גערעדט די קלוגשאַפט פון מיין יוגענד; באמת, רייד פון אַ פרעהליכער קלוגשאַפט!

אָבער דאָ האָט איהר, שונאים, מיינע נעכט גע׳גנב׳עט און פאַרקויפט זיי צו דער שלאָפלאָזער פּיין: אַך, וואוהין איז אַנטפלויגען יענע פרעהליכע קלוגשאַפט?

אַמאָל האָב איך געגאַרט נאָך גליקליכע פויגעל־צייכענס: האָט איהר מיר געפיהרט איבער׳ן וועג אַ פאַרזעהעניס פון אַ נאַכטשפּאַרבער, אַ חלשות׳דיגס. אַך, וואוהין איז אַנטפלויגען מיין צאַרטליכער באַגעהר?

אַמאָל האָב איך אַ נדר גענומען אויף זיך, זיך אָפּזאָגען פון יעדען עקעל. האָט איהר פאַרוואַנדעלט מיינע נאָהענטע און נאָ־

הענטסטע אין איימער־ביילעך. אך, וואוהין איז פארפלויגען מיין איידעלסטער נדר?

א בלינדער בין איך אמאל געגאנגען אין געבענשטע וועגען. האט איהר שמוץ געווארפען אויף דעם בלינדענ׳ס וועג: און איצ־טער עקעלט איהם דעם אלטען בלינדענס פוס־שטעג.

און אז איך האב מיין שווערסטע זאך געטאן און האב גע־יום־טוב׳ט דעם נצחון פון מיינע גבורות איבער זיך אליין; האט איהר די, וואס האבען מיך געליעבט, געמאכט שרייען, אז איך טה וויי אין דעם שטארקסטען וועהטאג.

באמת, דאס זיינען תמיד געווען אייערע מעשים: איהר האט מיר גאל פארמישט מיר מיין בעסטען האניג און די התמדה פון מיינע בעסטע ביהנען.

צו מיינע גענאדען האט איהר תמיד געשיקט די חצופ׳סטע בעטלער, צו מיין רחמנות האט איהר תמיד געשטופט די אומהייל־בארע בלי־בושה׳ס. אזוי האט איהר פארוואונדעט דעם גלויבען פון מיינע טוגענדען.

און איך האב אפילו מיין הייליגסטעס פאר א קרבן געבראכט: שוין האט אייער „פרומקייט" איהרע פעטערע מתנות צוגעשטעלט: אזוי אז אין דעם דאמף פון אייער פעט איז מיין הייליגסטעס דערשטיקט געווארען.

און אמאל האב איך געוואלט טאנצען, ווי איך האב נאך קיין מאל נים געטאנצט: איבער אלע הימלען האב איך געוואלט טאנ־צען. האט איהר מיין ליעבסטען זינגער איבערגערעדט.

און נו — האט ער אנגעשטימט א שוידעריג־דומפען ניגון; אך, ער האט ווי א פינסטערער האָרן געטרומעט מיר אין די אויערען.

דו רוצח, דו זינגער, געצייג דו פון בייזקייט, דו אומשולדיגס־טער! איך בין דאך שוין געשטאנען אנגעגרייט צו דעם בעסטען טאנץ: דו האסט מיט דיינע טענער טויטגעשלאגען מיין ברענענ־דיגען תענוג. נאר אין דעם טאנץ ווייס איך, ווי צו ברענגען משלים פאר די העכסטע זאכען: און נו — איז מיין העכסטער משל געבליבען א נים־ארויסגעזאגטער אין מיינע גליעדער.

ניט אַרויסגערעדט און ניט אויסגעלייזט איז שוין מיר גע־בליבען די העכסטע האָפענונג! און אַלע זעהונגען זיינען מיר געשטאָרבען און די טרויסטונגען פון מיין יוגענד!

ווי האָב איך דאָס נאָר אויסגעהאַלטען? ווי האָב איך אַריבער־געלעבט און אַריבערגעטראָגען אַזעלכע וואונדען? ווי איז מיין נשמה ווידער אויפגעשטאַנען פון אָט די קברים?

יע, עפּעס אַן אומפאַרוואונדבאַרס, אַן אומבאַגראָבבאַרס איז דאָ אין מיר, אַן עפּעס, וואָס מאַכט פעלזען פאַנאַנדערשפּרינגען: דאָס איז מ י י ן ו ו י ל ע ן. אומפאַרענדערט און שווייגזאַם געהט ער פאַראויס דורך די יאָהרען.

זיין גאַנג וויל ער געהן אויף מיינע פיס, מיין אַלטער ווילען; האַרצענס־האַרט איז זיין זין און אומפאַרוואונדבאַר.

איך בין ניט פאַרוואונדבאַר אפילו אין דעם טראָט־פּעל פון מיין פוס. שטענדיג נאָך לעבסטו דאָ און ביסט גלייך צו זיך אַליין, דו געדולדיגסטער! שטענדיג האָסטו זיך דורכגעבראָכען דורך אַלע קברים!

אין דיר לעבט נאָך אויך דאָס אומאויסדערלייזטע פון מיין יוגענד; און ווי לעבען און יוגענד זיצסטו האָפענדיג דאָ אויף די געלע חורבות פון די קברים.

יע, דו ביסט נאָך מיר דער חרוב מאַכער פון אַלע קברים:

וואויל צו דיר, מיין ווילען! און נאָר דאָרטען, וואו קברים זיינען פאַראַן, איז אויך דאָ א תחית המתים. —

אַזוי האָט געזונגען זאַראַטוסטראַ.

* *
*

## די גבורה איבער זיך גופא.

„דער ווילען צום אמת" רופט איהר דאָס, איהר קלוגשאַפענסטע, וואָס אייך טרייבט און מאַכט אייך היציג?

דער ווילען צו קאָנען דורכטראַכטען יעדען יש: אַזוי רוף א י ך אייער ווילען!

יעדען יש, ווילט איהר דענקבאר מ א כ ע ן, ווייל איהר צווייפעלט מיט א גוטען חשד, צי ער איז שוין דענקבאר.

אָבער ער זאָל פאַר אייך טויגען און זיך בויגען! אזוי וויל דאָס אייער ווילען. גלאַט זאָל ער ווערען און אונטערטעניג צו דעם גייסט, ווי זיין שפּיגעל און ווידער־בילד.

דאָס איז אייער גאַנצער ווילען, איהר קלוגשאַפענסטע, ווי א ווילען צו מאַכט; און אויך יעמאָלט, ווען איהר רעדט וועגען גוט און בייז און וועגען ווערט־שאַצונגען.

בעשאַפען ווילט איהר פריהער די וועלט, פאַר וועלכער איהר זאָלט קאָנען קניען: אזוי איז דאָס אייער לעצטע האָפענונג און שכרות.

די עם־הארצים, בלי ספק, דאָס פאָלק, — זיי זיינען, ווי א שטראָם, וואָס אויף איהם שווימט א שיף און אין שיף זיצען גדלות'דיג און פאַרקליידט די ווערט־שאַצונגען.

אייער ווילען און אייערע ווערטען האָט איהר ארויפגעזעצט אויף דעם שטראָם פון ווערן; וואָס דאָס פאָלק גלויבט וועגען גוט און בייז, זאָגט מיר אויס דעם סוד פון אַן אַלטען ווילען צו מאַכט.

דאָס זייט איהר געוועזן, איהר קלוגשאַפענסטע, וואָס האָט אזעלכע געסט אין שיף געזעצט און האָט זיי פּאָמפּע און שטאָלצע נעמען געגעבען, — איהר און אייער הערשענדער ווילען!

נו — טראָגט ווייטער דער שטראָם אייער שיף: ער מוז איהם טראָגען. וועער קוקט דארויף, וואָס די געבראָכענע כוואַליע שוימט און ווידערשפעניגט אין צאָרן דעם קעהר־רודער!

ניט דער שטראָם איז אייער געפאַהר און דער סוף צו אייער גוט און בייז, איהר קלוגשאַפענסטע: נייערט יענער ווילען גופא, דער ווילען צו מאַכט, — דער ניט אויסצושעפענדער באַפרוכפּע־רענדער לעבענס־ווילען.

אָבער כדי איהר זאָלט מיין וואָרט פאַרשטעהן וועגען גוט און

ביין: ווייל איך אייך מיין וואָרט זאָגען ווענען לעבען און ווענען דעם שטייגער פון אַלץ וואָס לעבט.

דעם בעל־חי בין איך נאָכגעגאַנגען, איך בין אין די גרעסטע און קלענסטע ווענען געגאַנגען, כדי איך זאָל זיין שטייגער דער־קענען.

מיט אַ הונדערטפאַכען שפּיגעל האָב איך זיין בליק אויפגעפאַנ־גען, ווען זיין מויל איז פאַרמאַכט געווען: כדי זיין אויג זאָל מיר ריידען. און זיין אויג האָט מיר גערעדט.

אָבער וואו איך האָב נאָר געפונען אַ בעל־חי, דאָרטען האָב איך אויך געהערט די רייד פון טאָן — פאָלגען. אַלץ וואָס לעבט איז עפּעס וואָס טוט פאָלגען.

און דאָס איז השנית: באַפויהלען ווערט דעם, וואָס קאָן זיך אַליין ניט טאָן פאָלגען. אַזוי איז דער שטייגער ביי דעם בעל־חי.

און דאָס אָבער איז דאָס דריטע, וואָס איך האָב געהערט: אַז באַפויהלען איז שווערער איידער טאָן פאָלגען. און ניט נאָר מחמת דער באַפויהלענדער טראָגט די לאַסט פון אַלע וואָס טוען פאָלגען, און די לאַסט קאָן איהם גרינג דערדריקען:

אַ נסיון און אַ ריסק האָט זיך מיר באַוויזען אין יעדען באַפעה־לען און שטענדיג, ווען ער באַפעהלט, ריזיקירט דער בעל־חי מיט זיך גופא.

יע, אפילו ווען ער באַפעהלט זיך אַליין: אויך דאָ מוז ער מכפר זיין אויף זיין באַפעהלען. פאַר זיין אייגענעם געזעץ מוז ער ווערען דער בית־דין, דער נוקם און דער קרבן.

ווי קומט דאָס דאָך פאָר! האָב איך מיך געפרעגט. וואָס שמועסט איין דעם בעל־חי, ער זאָל טאָן־פאָלגען און באַפעהלען און אין דעם באַפעהלען גופא נאָך טאָן פאָלגען?

הערט מיר נאָר מיין וואָרט, איהר קלוגשאַפענסטע! קלייבט זיך פאַנאַנדער ערנסטליך, צי איך בין דעם לעבען גופא אין ס'האַרץ געקראָכען און ביז צו די וואָרצלען פון זיין האַרצען!

וואו איך האָב געפונען אַ בעל־חי, האָב איך געפונען אַ ווילען

צו מאכט; און אפילו אין דעם ווילען פון א דיענענדען האב איך געפונען דעם ווילען צו זיין א האר.

אז דעם שטארקערען זאל דיענען דער שוואכערער, דערצו שמועסט איהם זיין ווילען, וואס וויל זיין א האר איבער א נאך שוואכערען: פון דעם תענוג אליין ווילט זיך איהם ניט אפזאגען.

און ווי דער קלענערער גיט זיך אוועק דעם גרעסערען, כדי ער זאל האבען לוסט און מאכט איבער דעם קלענסטען, אזוי גיט זיך אוועק דער גרעסטער און שטעלט איין צוליעב מאכט — זיין לעבען אין קאן.

דאס איז דער אונטערגעבען זיך פון דעם גרעסטען, וואס עס איז פאר איהם א ריסק און א געפאהר און א ווערפעל־שפיעל אויף טויט.

און וואו עס זיינען דא קרבנות־ברענגען און דיענען און ליעבע בליקען, אויך דא איז ווילען, צו זיין א האר. אויף פארבארגענע וועגען שארט זיך דא דער שוואכערער אריין אין די פעסטונג און ביז אין הארצען פון דעם מעכטיגערען — או גנב׳עט דא מאכט.

און אט דעם סוד האט דאס לעבען מיר דערצעהלט: „זעה, האט עס געזאגט, איך בין דאס, וואס מוז תמיד זיך אליין גובר זיין.

„אודאי, איהר רופט דאס ווילען צו באפרוכפערונג אדער א טרייב־קראפט צו דעם ציעל, צו א העכערען, ווייטערען, פיעלפאכער בען: אבער דאס אלץ איז איינס און איין איינציגער סוד.

„בעסער פארגעה איך, איידער זיך אפזאגען אט פון דעם איינעם. און באמת, וואו עס איז אן אונטערגאנג און א בלעטער־פאל, ביז אין הארצען פון דעם מעכטיגערען — און גנב׳עט דא מאכט.

„וואס איך מוז זיין א קאמף און א ווערן און א צוועק און דער ווידערשפרוך פון צוועקען: אך, ווער עס האט מיין ווילען אויסגע׳חרש׳ט, דער האט אויך אויסגע׳חרש׳ט, אויף וואס פאר א קרומע וועגען ער מוז געהן!

„וואס איך זאל ניט שאפען און ווי איך זאל עס ניט ליעבען —

באלד מוז איך זיין געגנער ווערען און דער געגנער פון מיין ליעבע: אזוי וויל דאס מיין ווילען.

„און אויך דו, דערקענענדער, ביסט נאר א שטעג און א פוס־טראט פון מיין ווילען: אמת, מיין ווילען צו מאכט געהט אויך אום אויף די פיס פון דיין ווילען צום אמת!

דער האט בודאי ניט געטראפען דעם אמת, וועלכער האט אין איהם געשאסען מיט דעם ווארט: „ווילען צו זיין“: אזא ווילען איז — פשוט ניטא.

„ווייל: וואס עס איז ניטא, דאס קאן ניט וועלען; וואס איז שוין אבער דא אין דער מציאות, ווי קאן עס נאך וועלען א מציאות!

„נאר, וואו עס איז לעבען, דארטען איז אויך ווילען: אבער ניט ווילען צום לעבען, נייערט — אזוי לערן איך דיך — ווילען צו מאכט!

„א סך זאכען שאצט דער בעל־חי העכער פאר דאס לעבען גופא; אבער שוין פון דעם שאצען אליין רעדט ארויס — דער ווילען צו מאכט!“ —

אזוי־א האט מיך אמאל געלערנט דאס לעבען; און דערפון וועל איך אייך פותר זיין, איהר קלוגשאפענסטע, די רעטענים פון אייער הארצען.

באמת, איך זאג אייך: אזא גוט און בייז, וואס זאל ניט זיין פארגענגליך, — דאס איז פשוט ניטא! פון זיך גופא מוז עס תמיד און אויפ׳ם ניי איבער זיך גופא מתגבר זיין!

מיט אייערע ווערטען און ווערטער מכח טוב ורע ברענגט איהר ארויס געוואלט, איהר ווערטשאצענדע: און דאס איז אייער פאר־בארגענע ליעבע און דאס גלאנצען, ציטערען און איבער־כוואליען פון אייער נשמה.

אבער נאך א שטארקערע געוואלט וואקסט ארויס פון אייערע ווערטען און א נייע התגברות: אן איהר צוברעכט זיך די איי און די שאלעכץ.

און ווער עס מוז זיין א בעשאפער אין גוט און בייז, מוז צו־ערשט זיין א צושטערער און צוברעכען ווערטען.

אזוי ארום געהערט דאָס העכסטע ביז צו דער העכסטער גוטס־קייט: זי איז אָבער די באַשעפערישע. —

לאָמיר ר י י ד ע ן מכוח דעם, איהר קלוגשאַפענסטע, ווען אפילו דאָס איז ניט גוט. אָבער שווייגען איז ערגער; אַלע פאַר־שוויגענע אמת'ען ווערען גיפטיג.

און לאָז דאָך אַלץ צובראָכען ווערען, וואָס אין אונזערע אמת'ען צובראָכען ווערען — קאָן! מיר האָבען נאָך צו בויען אַ היבש בי־סעל הייזער! —

אזוי האָט גערעדט זאראַטוסטרא.

*  *
*

## די דערהויבענע.

שטיל איז דער גרונט פון מיין ים: ווער וואָלט אַ טראַכט גע־טאָן, אַז ער פאַרבאָרגט אין זיך שפּאַסהאַפטע פאַרקוקענישען!

אונערשיטערליך איז מיין טיעף: אָבער זי גלענצט פון שווי־מענדע רעטענישען און געלעכטערס.

אַ דערהויבענעם האָב איך היינט געזעהן, אַ גרויסאַרטיג שטיי־פען, אַ בעל־תשובה פון גייסט, אַ, ווי מיין נשמה האָט געלאַכט פון זיין מאוסקייט!

מיט אַ דערהויבענער ברוסט, גלייך ווי די, וואָס ציהען איין דעם אָטעם אין זיך, אזוי איז ער געשטאַנען, דער דערהויבענער, און שווייגזאַם:

ארומגעהאַנגען מיט מאוס'ע אמת'ען, די רויב פון זיין געיעג און רייך אין צוריסענע קליידער; אויך דערנער אַ סך זיינען געהאַנ־גען אויף איהם — אָבער קיין רויז צווישען זיי האָב איך ניט גע־זעהען.

ער האָט נאָך ניט געלערנט דעם ענין פון לאַכען און שעהנקייט. פאַרפינסטערט איז אָט דער יעגער געקומען צוריק אויס דעם וואַלד פון דערקענטניס.

אַהיים איז ער געקומען פון אַ קאַמף מיט ווילדע חיות: אָבער

פון זיין ערנסט האָט נאָך ארויסגעבליקט די ווילדע חיה — א נאָך ניט איינגענומענע.

ווי א טיגער שטעהט ער נאָך דאָ, וואָס קלייבט זיך צום שפרונג. אָבער איך האָב ניט האָלד אָט די אָנגעשפּאַנטע נשמות; מיין געשמאַק האָט ניט האָלד אָט די אַלע צוריקגעצויגענע.

און איהר זאָגט מיר, פריינד, אז מען זאָל ניט שטרייטען וועגען געשמאַק און באַ'טעם'ט זיין? אָבער אַל' דאָס לעבען איז א שטרייט וועגען טעם און באַ'טעם'ט־זיין.

געשמאַק: דאָס איז אין איינעם אי געוויכט אי וואָגשאָל אי דער וואָס וועגט. און וועה צו יעדען בעל־חי, וואָס וואָלט געוואָלט לעבען אָהן שטרייט וועגען געוויכט און וואָגשאָל און דעם וואָס וועגט.

אז אָט דער דערהויבענער וועט מיעד ווערען פון זיין דער־הויבענים: ערשט יעמאָלט וועט זיך אָנהויבען זיין שעהנקייט, — און ערשט יעמאָלט וועל איך איהם טועם זיין און אין איהם א טעם געפינען.

און ערשט ווען ער וועט זיך אָבקעהרען פון זיך גופא, וועט ער אריבערשפרינגען איבער זיין אייגענעם שאָטען און, באמת, אין זיין גוף אריינשפרינגען.

צופיעל צייט איז ער אין שאָטען געזעסען, די באַקען זיינען איהם בלייך געוואָרען, דעם בעל־תשובה פונ'ם נייסט; ער איז כמעט פארהונגערט געוואָרען אין זיינע ערוואַרטונגען.

פאראכטונג איז נאָך אין זיין אויג און עקעל פארבאָרגט זיך ארום זיין מויל. ס'איז אמת, ער רוהט איצטער, אָבער זיין רוה האָט זיך נאָך ניט געלייגט אין דער זון.

ווי אַן אָקס האָט ער באַדאַרפט טאָן, און זיין גליק זאָל מיט ערד שמעקען און ניט מיט פאראכטען די ערד.

איך וואָלט איהם געוואָלט זעהן, ווי א ווייסען אָקס, ווי ער סאָפּעט און ברילט און געהט פאָראויס פאַר זיין אַקער־פלוג: און זיין געבריל זאָל לויב־שאַצען אַל' דאָס ערדישע.

זיין פנים איז נאָך טונקעל; דער שאָטען פון דער האַנט

שפּיעלט אויף איהם. פֿאַרשאָטענט איז נאָך דער זין פֿון זיין אויג.

זיין טואונג גופא און נאָך דער שאָטען אויף איהם: די האַנט פֿאַרטונקעלט דעם האַנדלענדען. ער האָט נאָך זיין טואונג ניט גובר געווען.

הגם איך ליעב אין איהם דעם נאַקען פֿון אַן אָקס: אָבער איך וויל דאָך אויך זעהן די אויגען פֿון אַ מלאך.

אויך זיין העלדען־ווילען דאַרף ער נאָך פֿערגעסען: אַ דער־הויבענער זאָל ער מיר זיין און ניט נאָר אַ דערהויבענער: — דער עפּיר גופא האָט איהם הויבען געדאַרפֿט, דעם מאַן אָהן ווילען.

ער האָט פֿאַרזעהענישען באַצוואונגען, ער האָט פּותר געווען רעטעניסען; אָבער אויסלייזען האָט ער נאָך געדאַרפֿט זיינע פֿאַר־זעהעניסען און רעטענישען; פֿאַרוואַנדלען האָט ער זיי געדאַרפֿט אין הימעלשע קינדער.

זיין דערקענטנים האָט נאָך ניט געלערנט ווי צו שמייכלען און ווי צו זיין אָהן קנאה. נאָך איז ניט שטיל געוואָרען אין דער שעהנקייט זיין שטרוימענדע ליידענשאַפֿט.

באמת, ניט אין דער זעט זאָל זיין פֿאַרלאַנג זיך טוקען און אַנטשטומען, נייערט אין דער שעהנקייט. דער חן געהערט צום גרויס־מוט פֿון דעם גרויס־געזינטען.

דעם אָרעם אַריבער'ן קאָפּ: אַזוי האָט באַדאַרפֿט אויסרוהען דער העלד, אַזוי האָט ער זיין אויסרוה גובר זיין באַדאַרפֿט.

אָבער גראַד פֿאַר דעם העלד איז דאָס שׂ ע ה נ ע די שווער־סטע פֿון אַלע זאַכען. ניט צו דערגרייכען איז דאָס שעהנע פֿאַר יעדען העפֿטיגען ווילען.

אַ ביסעל מעהר, אַ ביסעל וועניגער: דאָ גראַד איז דאָס פֿיעל, דאָ איז דאָס דאָס מעהרסטע.

שטעהן מיט אָפּגעלאָזטע מוסקלען און מיט אָפּגעשפּאַנטען ווילען: דאָס שווערסטע איז דאָס פֿאַר אייך אַלעמען, איהר דער־הויבענע.

ווען די מאכט ווערט גנעדיג און קומט אראָפּ אין די גזוזעהענע וועלט: שעהנקייט רוף איך אַן אזא אראָפּקום.

און פון קיינעם וויל איך ניט שעהנקייט, ווי גראָד פון דיר, דו געוואלטיגער: דיין גרויסקייט זאָל זיין דיין לעצטע התגברות איבער זיך.

אל'דאָס בייז מעג איך ערווארטען פון דיר, דערפאר וויל איך פון דיר דאָס גוטע.

באמת, איך האָב אָפט געלאכט פון די שוועכלינגען, וואָס גלויבען, זיי זיינען גוטהארציג, ווייל זיי האָבען לאָהמע לאַפּעס!

נאָך דער טוגענד פון א זייל זאָלסטו שטרעבען: שענער ווערט ער תמיד און צארטער, אָבער אינוועניג הארטער און אויפ־האלטענדער, וואָס מעהר ער שטייגט אין דער הויך.

יע, דו דערהויבענער, דו זאָלסט נאָך אמאָל ווערען שעהן און האלטען דעם שפּיגעל דער אייגענער שעהנקייט.

יעמאָלט וועט דיין נשמה דורכציטערן פון געטליכע תאוות און אין דיין גאוה וועט נאָך זיין א תפילה.

מחמת דאָס איז דער סוד פון דער נשמה: ערשט ווען דער העלד פאַרלאָזט זי, גענעהנט איהר אין חלום — דער אויבער־העלד.

אזוי האָט גערעדט זאראטוסטרא.

* *
*

## דאָס לאַנד פון בילדונג.

צו וויים אין דער צוקונפט אריין בין איך געפלויגען: א גרויל האָט מיך ארומגענומען.

און אז איך האָב מיך ארומגעקוקט, ערשט די צייט איז געווען מיין איינציגער צייטגענאָס.

בין איך געפלויגען צוריק, אהיים צו און רק זיך געאיילט: אזוי בין איך געקומען צו אייך, איהר מענשען פון היינט, און אין דאָס לאַנד פון בילדונג.

צום ערשטען מאָל האָב איך געבראכט א גוט אויג פאר אייך

און א גוטען פארלאנג: באמת, מיט בענקשאפט אין הארצען בין איך געקומען.

אָבער וואָס איז מיר געשעהען? ווי גרויס איז ניט געוועזן מיין אנגסט, — איך האָב לאכען געמוזט! נאָך קיינמאָל האָט מיין אויג ניט געזעהען אזא מין פיעל־פארביג־געשפריינקעלטס.

איך האָב געלאכט און געלאכט, בעת מיין פוס האָט נאָך געציטערט און דאָס הארץ דערצו: „דאָס איז דאָך די געבורט־הֵיים פון אלע פארבען־טעפּ!" — האָב איך געזאָגט.

מיט פופציג פליאמעס באמאָלט דער פנים און די איברים, אזוי זייט איהר צו מיין וואונדער, געזעסען, איהר מענשען פון היינט.

און מיט פופציג שפּיגלען ארום אייך, וואָס האָבען גע'חנפ'עט אייער פארבען־שפּיעל און האָבען זיי נאָכגערעדט.

באמת, איהר קאָנט גאָר קיין בעסערע מאסקע ניט טראָגען, איהר מענשען פון היינט, איידער דעם אייגענעם פנים! ווער קאָן אייך דערקענען!

פולגעשריבען מיט די צייכענס פון דעם עבר, און אויך אָט די אותיות אריבערגעפּינזעלט מיט נייע צייכענס: אזוי האָט איהר אייך גוט פארשטעקט פון אלע צייכען־זעהערס!

און זאָל מען זיין אפילו א בוחן־כליות: ווער וועט דען גלויבען, אז איהר האָט נאָך ניערען! איהר זעהט אויס, ווי געבאקען צו זיין פון פארבען און פון געקלעפּטע צעטעלעך.

אלע צייטען און פעלקער בליקען פיעל־פארביג ארויס פון אייערע שלייערס, אלע אמונות און מנהגים ריידען פיעל־פארביג ארויס פון אייערע תנועות.

ווער עס וואָלט אראָפּשלעפּען פון אייך שלייער און אויבער־בגד און פארבען און תנועות: עס וואָלט איהם געבליבען גענוג גראָד די פויגעל דערמיט צו דערשרעקען.

באמת, איך אליין בין דער דערשראָקענער פויגעל, וואָס האָט אייך אמאָל נאקעט דערזעהען און אָהן פארבען, און איך בין אנט־פלויגען פון דאָרט, ווי נאָר יענער סקעלעט האָט ליעבע גענומען מיר ווינקען.

בעסער וואָלט איך נאָך געוועז א טאָג־לוין־אַרבייטער אין דער שאול־תחתיה און ביי די שאָטענס פון אמאָל! — פעטער און בעלייבטער איידער איהר זיינען די מתים אין דער אונטערוועלט.

דאָס, יע, דאָס איז די ביטערנים פאר מיינע אינגעווייד, וואָס איך קאָן אייך ניט אויסשטעהן ניט נאקעט, ניט געקליידט, איהר מענשען פון היינט!

אַל' דאָס אונהיימליכע פון דער צוקונפט, און אַלץ וואָס האָט ווען עס איז געמאַכט שוידערן א פארפלויגענעם פויגעל, איז באמת נאָך היימליכער און צוגעלאָזטער איידער אייער „ווירקליכקייט".

ווייל אזוי טוט איהר ריידען: „ראיעלע זיינען מיר גאנץ, און נישטאָ ביי אונז קיין גלויבען און קיין אבערגלויבען": אזוי רעדט איהר מיט אויסגעבויגענער ברוסט, — אַך, און נאָך אָהן בריסטען!

יע, ווי זאָלט איהר דען ק אָ נ ע ן גלויבען, איהר פיעל־פארביג־באשפריינקעלטע! — וואָס איהר זייט א געמעלעכץ פון אַלץ, וואָס איז ווען געגלויבט געוואָרען!

איהר זייט ארומגעהענדע אָפּפרעגען אויף דעם גלויבען גופא, און אַ גלידער־צוברעכענים פאר אַלע געדאנקען. א ו מ ג ל ו י ב־ ו ו י ר ד י ג ע: אזוי רוף איך אייך, איהר ראיעלע!

אַלע צייטען פּלאַפּלען אין אַ ווידעראנאנד אין אייערע גייס־טער. און די חלומות און דער געפּלאַפּעל פון אַלע צייטען זיינען ראיעלער געוועזן איידער אייער אויפ'ן וואָהר!

אומפרוכפּער זייט איהר: דעריבער פעהלט ביי אייך דער גלויבען. אָבער ווער עס האָט שאפען געמוזט, דער האָט תמיד געהאַט זיינע וואָהר־טרוימען און שטערן־צייכען — און האָט אין דעם גלויבען געגלויבט! —

האַלב־אָפענע טויערען זייט איהר, וואָס ביי זיי וואַרטען די קברנים. און דאָס איז א י י ע ר ווירקליכקייט: „אַלץ איז ווערט, עס זאָל געהן צו גרונט!"

אַך, ווי איהר שטעהט דאָ מיר, איהר אומפרוכפּערע, ווי מאָגערע אין די ריפּען! און אַן אנדערער פון אייך האָט דאָס אַליין איינ־געזעהען.

און ער האָט געזאָגט: „האָט דאָ אַ גאָט, משמעות, ביי מיר

בשתיקא עפּעס צוגע׳לקחן׳ט, בעת איך האָב געשלאָפֿען? באמת, נענוג, אויף צו מאכען זיך דערפֿון א ווייבעל!

א חדוש נפלא איז מיר די אָרעמקייט פֿון מיינע ריפּען!" — אזוי האָט שוין איינער גערעדט פֿון די היינטיגע.

יע, צום לאַכען זייט איהר מיר, איהר היינטיגע! און בפֿרט נאָך, ווען איהר חדוש׳ט זיך איבער זיך אליין!

און וועה צו מיר, ווען איך וואָלט ניט געקאָנט לאַכען פֿון אייער פֿאַרוואונדערונג און וואָלט געמוזט ארונטערשלינגען אלע חלשות פֿון אייערע שיסלען!

אזוי אָבער וועל איך אייך גרינגער נעהמען, ווייל איך האָב שווערס צו טראָגען, און וואָס באַטרעפֿט דאָס מיר, ווען אויף מיין בינטעל זעצען זיך נאָך האַנט־פֿליגען און פֿליגעל־ווערים!

באמת, עס זאָל מיר דערפֿון ניט ווערען שווערער. און ניט פֿון אייך, איהר היינטיגע, זאָל אויף מיר קומען די גרויסע מאַט־קייט. —

אָך, וואוהין זאָל איך נאָך ארויפֿשטייגען מיט מיין בענק־שאַפֿט! פֿון אלע בערג קוק איך ארוים נאָך פֿאָטער־ און מוטער־לענדער.

אָבער א היים־געבירט האָב איך ערגעץ־ניט געפֿונען. א נע־ונד בין איך אין אלע שטעט און אַן אנטרונענער ביי אלע טויערען.

פֿרעמד זיינען מיר און א שפּאָט די מענשען פֿון היינט, צו וועמען מיין הארץ האָט מיך אַנומעלט געטריבען. און פֿאַרטריבען בין איך פֿון פֿאָטער־ און מוטער־לענדער.

איז — ליעב איך נאָר מיין קינדער־לאַנד, האָט ניט ענטדעקטע, אין דעם ווייטעסטען ים: זי זוכען און זוכען היים איך מיינע שיף־לייוועגטס.

אויף מיינע קינדער וויל איך פֿאַרריכטען דעם פֿעהלער וואָס איך בין א קינד פֿון מיינע פֿאָטערס און אויף דער גאַנצער צו־קונפֿט — אָט דעם היינט! —

אזוי האָט גערעדט זאראַטוסטרא.

* * *

## די אומבאפלעקטע דערקענטניס.

אז די לבנה איז נעכטען ארוים, האט זיך מיר געדוכט, זי וויל געבערען א זון: אזוי ברייט און טראגעדיג איז זי געלעגען אויף דעם האריזאנט.

אבער א שקרן'טע איז זי געווען מיט איהר שוואנגערשאפט; און גיכער וועל איך נאך גלויבען אין דעם מאן, וואס אויף דער לבנה, איידער אין דער פרוי.

בלי ספק, ער איז אויך נאך גאר וועניג א מאן, אט דער ציטע־דיגער נאכט־בעל־חלום. באמת, מיט א שלעכטען געוויסען וואנ־דעלט ער ארום איבער די דעכער.

ווייל ער איז פול מיט תאוה און מיט איפערזוכט, דער מא־נאך אין דער לבנה, פול מיט תאוה צו דער ערד און צו אלע פריידען פון די ליעבענדע.

ניין, ער איז מיר דערווידער, אט דער קאטער אויף די דעכער. דערווידערליך זיינען מיר אלע, וואס שארען זיך ארום די האלב־פארשלאסענע פענסטער.

פרום און שווייגזאם וואנדעלט ער ארום אויף די שטערן־טעפיכער: אבער איך האב ניט האלד אלע שטיל־טרעטענדע מאנס־בילשע פיס, וואס אויף זיי קלינגט ניט קיין איין שפאר.

דער שריט פון יעדען ארענטליכען מענשען רעדט; די קאץ אבער גנב'עט זיך איבער דעם דיל. זעה, די לבנה קומט ארויף קעצעריש און ניט ארענטליך. —

אט דעם משל גיב איך אויף אייך, סענטימענטאלע צבוע'קעס, אויף אייך, איהר „ריין־דערקענענדע"! אייך רוף איך — די תאוה'דיגע!

אויך איהר ליעבט די ערד און דאס ערדישע — איך האב געטראפען אייער סוד! אבער בושה איז אין אייער ליעבע און שלעכטער געוויסען. — צו דער לבנה זייט איהר געגליכען!

צו פאראכטען דאס ערדישע האט מען איינגעשמועסט אייער גייסט, אבער ניט אייערע אינגעווייד: אבער זיי זיינען די שטאר־קערע אין אייך.

און — שעמט זיך אייער גייסט, וואס ער טוט דעם ווילען פון אייערע אינגעווייד, און געהט מחמת זיין אייגענער בושה אויף גניבה'שע און ליגנערישע וועגען.

„דאס וואלט פאר מיר געווען דאס העכסטע,—אזוי רעדט צו זיך אייער פאר'כזבן'טער גייסט, — צו קוקען אויף דאס לעבען אהן באגעהר און ניט, ווי א הונד, מיט אן ארויסגעהאנגענער צונג.

„גליקליך צו זיין אין דעם קוקען, מיט אן אבגעשטארבענעם ווילען, אהן דער שליטה און דער תאוה פון זעלבסטזוכט — קאלט און אש־גראה איבער'ן גאנצען לייב, אבער מיט פאר'שכור'טע לבנה־אויגען!

„דאס וואלט פאר מיר געווען דאס ליעבסטע, — אזוי רעדט זיך איין דער איינגעשמועסטער, — די ערד ליעבען, ווי די לבנה ליעבט זי, און נאר מיט דעם אויג אליין צו בעטאסטען איהר שעהנקייט.

„און דאס רוף איך די אומבאפלעקטע דערקענטניס פון אלע זאכען, וואס איך וויל נארנישט ניט פון די זאכען: א־חוץ צו מעגען ליעגען פאר זיי, ווי א שפיעגעל מיט הונדערט אויגען."

א, איהר סענטימענטאלע צבוע'קעס, איהר תאוה'דיגע! — אייך פעהלט די אומשולד אין דעם באגעהר און דעריבער רעדט איהר לשון־הרע אויף דאס באגעהרען.

באמת, ניט ווי שאפענדע, באפרוכפערענדע, ווערען־לוסטיגע — ליעבט איהר די ערד!

וואו איז אומשולד? וואו עס איז דא דער ווילען צום ארויסברענגען. און ווער עס וויל שאפען איבער זיך ארויס, דער האט אין מיינע אויגען דעם ריינסטען ווילען.

וואו איז שעהנקייט? וואו איך מוז ווילען מיט'ן גאנצען ווילען; וואו איך וויל ליעבען און פארגעהן, כדי א בילד זאל ניט נאר בלייבען בילד.

ליעבען און פארגעהן: דאָס גראַמט זיך זינט אייביגקייטען.
דער ווילען צו ליעבע: דאָס איז, אויך מרוצה זיין צום טויט.
אזוי טו איך צו אייך ריידען, איהר פחדנים!

איז — וויל אָבער אייער קאַסטרירטער קרום־בליק זיך רו־
פען „באַזעהעוודיגקייט". און וואָס עס קאָן באַטאַפּט ווערען מיט
פחדנ'ישע אויגען זאָל אַ נאָמען באַקומען „שעהן"! אָ, איהר באַ־
שמוצער פון איידעלע נעמען.

אָבער דאָס זאָל זיין אייער קללה, איהר אומבאַפלעקטע, איהר
ריין דערקענענדע, וואָס איהר זאָלט קיין מאָל ניט געבערען;
אַפילו ווען איהר ליעגט ברייט און טראָגענדיג אויף דעם האָריזאָנט.

באמת, איהר נעמט אָן אַ פולען מויל איידעלע ווערטער:
און מיר זאָלען גלויבען אַז אייער הארץ ווערט איבער־פול, איהר
שקרנים?

אָבער מיינע ווערטער זיינען פשוט'ע, פאַראַכטעטע, קרומע
ווערטער: איך הויב גערן אויף, וואָס עס פאַלט אַראָב אונטערן
טיש פון אייער מאָלצייט.

מיט זיי קאָן איך נאָך אַלעמאָל זאָגען דעם אמת די צבוע'קעס!
יע, מיינע פיש־ביינדלעך, מוזער־קעפּלעך און שטעך־בלעטער זאָלען
ביי די צבוע'קעס די נאָזלעכער קיצלען.

אַ שלעכטע לופט איז תמיד אַרום אייך און אייערע מאָלציי־
טען: אייערע תאווה'דיגע געדאַנקען, אייערע שקרים, און אייערע
סודות זיינען דאָך אין יענער לופט!

האָט ערשט דעם מוט, זיך אַליין צו גלויבען, זיך אַליין און
אייערע איינגעווייד! ווער עס גלויבט זיך גיט, לאַיגט תמיד.

גאָט'ס אַ מאַסקע האָט איהר אויפגעהאַנגען אַרום אייער
איינענעם פּנים, איהר „טהורים"; און גאָט'ס אַ מאַסקע*) איז
פאַרקראָכען אייער מאַוסדיגער רינגעל־וואָרים.

באמת, איהר נאַרט אָפּ, איהר „באַזעהעוודיגע"! אויך זאָ־

---

*) אַ שפּיעל מיט דעם וואָרט „לאַרווע", וואָס באַדייט אַ מאַסקע
און אַ שמעטערלינג־וואָרים. — דער איבערזעצער.

ראַטוסטרא האָט זיך אַמאָל געלאָזט באַנאַרישען דורך אייער געט־ליכער הויט; ער האָט ניט דערשפּירט דעם שלאַנגעז־רינגעל מיט וועלכען זי איז געוועז אָנגעשטאָפּט.

אין אייערע שפּיעלען, איהר, „ריין דערקענענ", האָט זיך מיר אַמאָל געדוכט, אַז איך זעה שפּיעלען אַ גאָט׳ס נשמה! ניטאָ קיין בעסערע קונסט, האָב איך אַמאָל געטראַכט, איידער אייערע קונסטען!

דעם שלאַנגען־תינוף און שלעכטען אויר האָט פאַר מיר די ווייט פאַרשטעלט: און אויך וואָס די רמאות פוּן אַן עקדעש האָט זיך דאָ לוסטיג ארומגעשאַרט.

אָבער איך בין געקומען נ אָ ה ע נ ט צו אייך: איז צו מיר דער טאָג געקומען, — און איצטער קומט ער צו אייך, — און אַ סוף צו דער לבנה׳ס ליעבשאַפט!

טוט נאָר אַ קוק! אַ געכאַפּטע און בלייכע שטעהט זי דאָ — פאַר דער מאָרגענרויט!

ווייל די מאָרגענרויט קומט שוין, די גליהענדע, — עס קומט איהר ליעבע צו דער ערד! אומשולד און שאַפונגס־לוסט איז יעדע זונען־ליעבע!

טוט נאָר אַ קוק, ווי אומגעדולדיג זי קומט איבער דעם ים! פיהלט איהר דען ניט דעם דאָרשט און דעם הייסען אָטעם פון איהר ליעבע?

זי וויל זויגען דעם ים און זיין טיעף ארויפטרינקען צו זיך אין דער הויך: איז הויבט זיך די תשוקה פון דעם ים אין זיינע טויזענטער ברוסטען.

ער וויל געקושט זיין און געזויגט זיין פון דער זון׳ס דאָרש־טיגקייט. ער וויל ווערען לופט און הויכקייט און אַ שטעג פאַר דעם ליכט־שיין און אַליין ווערען ליכט־שיין.

באמת, צו דער זון געגליכען, אזוי ליעב איך דאָס לעבען און אַלע טיעפע ים׳ען.

און אַט דאָס רוף א י ך דערקענטנים: אַל׳ דאָס טיעפע זאָג
אַרויף — צו מיין הויך. —

אַזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ.

*   *
*

## די געלערנטע.

בעת איך בין געלעגען און שלאָף, האָט אַ שעפּס געפרעסען פון דעם עפּעי־קראַנץ אויף מיין קאָפּ. זי האָט געפרעסען און האָט דערביי געזאָגט: „זאַראַטוסטראַ איז שוין אוים געלערנטער!“

אַ זאָג געטאָן און איז אַוועק, אומגעלומפּערט און שטאָלץ. אַ קינד האָט דאָס מיר דערצעהלט.

איך האָב האָלד צו ליעגען דאָ, וואו די קינדער שפּיעלען זיך, ביי דער צעבראָכענער מויער־וואַנט, צווישען דיסטלען און רויטע מאָהן־בלומען.

פאַר די קינדער בין איך נאָך אַ געלערנטער; אויך פאַר די דיסטלען און רויטע מאָהן־בלומען. אונשולדיג זיינען זיי, אפילו אין זייער בייזקייט.

אָבער פאַר די שעפּסען בין איך דאָס שוין ניט מעהר. אַזוי וויל דאָס מיין גורל, געבענשט זאָל ער זיין!

ווייל דאָס איז דער אמת: איך האָב מיך אַרויסגעצויגען פון דאָס הויז פון די געלערנטע און האָב נאָך הינטער מיר די טיר צוגעקלאַפּט.

צו לאַנג איז מיין נשמה געזעסען אַ הונגעריגע ביי זייער טיש; איך בין ניט, ווי זיי, איינגעדרעסירט אויף דאָס דערקענען, ווי אויף קנאַקען נים.

פרייהייט ליעב איך און די לופט איבער דער פרישער ערד; בעסער וועל איך שלאָפען אויף אָקסענע פעלען, איידער אויף זייערע עליות און כבודים.

איך בין צו הייס און פאַרברענט פון מיינע אייגענע גע־

צקען: אַפּט פאַרכאַפּט דאָס מיר דעם אָטעם. יעמאָלט מוז איך ארויס אין די פריי און אוועק פון אַלע פאַרשטויבטע שטובען.

אָבער זיי זיצען קיהל אין אַ קיהלען שאָטען: זיי ווילען אין אַלצדינג נאָר צושויער זיין און היטען זיך, צו זיצען דאָרטען, וואו די זון ברענט אויף די טרעפּ.

גענגליכען צו יענע, וואָס שטעהען אויף דער גאַס און גלאָטצען אויף די פאַרבייגעהער: אזוי וואַרטען זיי אויך און גלאָטצען אויף די געדאַנקען, וואָס אַנדערע האָבען געטראַכט.

ווייל מען זיי אַ נעהם טאָן מיט דער האַנד, געהט פון זיי אַ שטויב, ווי פון אַ מעהל־זאַק, און אַנטקעגען זייער אייגענעם ווילען: אָבער ווער וואָלט ערוויף אויפ'ן זין, אַז זייער שטויב שטאַמט פון דעם קאָרן און פון דעם געלען תענוג פון די זומער־פעלדער?

הויבען זיי אָן ארויסווייזען זייער קלוגשאַפּענקייט, אַזוי פרעס־טעלט מיך פון זייערע קליינע שפּרוכען און אמת'ען: אַ גערוך איז אָפּט אין זייער קלוגשאַפּענקייט, אַקוראַט, זי וואָלט פון אַ זומפּ געשטאַמט. און בנאמנות, איך האָב שוין אויך געהערט, ווי דער פראָש האָט פון איהר געקוואַקעט!

פלינק זיינען זיי, זיי האָבען קלוגע פינגער: ווי קומט מיין איינפאַכקייט צו זייער פיעלפאַכקייט! זייערע פינגער פאַרשטעהען די גאַנצע חכמה פון פעדימען, צענויפקניפּלען און וועבען; אַזוי ארום מאַכען זיי די זאָקען פון דעם גייסט!

זיי זיינען גוטע זייגערס: מען מוז נאָר אַכטונג געבען, זיי זאָלען ריכטיג אָנגעדרעהט ווערען! יעמאָלט ווייזען זיי אָן די פּינקטליכע שעה און מאַכען אָן עניוות'דיגען גערויש.

ווי מיהלען ארבייטען זיי און ווי שטויסלען: מען דאַרף נאָר אַריינשיטען פּיינע תבואה! — זיי ווייסען שוין, ווי צו צעמאָלען אויף קליין די קאָרען און ווי צו מאַכען דערפון שטויב.

זיי קוקען גוט איינער אויף דעם אַנדערנ'ס פינגער און גלויבען ניט איינער דעם אַנדערן אַ האָר. מאַדים'ס אויף שפּיצלעך, וואַרטען זיי אויף יענע, וועמעס וויסען עס געהט אויף לאָהמע פיס, — אַקוראַט ווי שפּינען וואַרטען זיי.

איך האָב געזעהען, ווי פאַרזיכטיג זיי ברייען כּסדר גיפט; און תמיד פלעגען זיי אָנטאָן גלעזערנע הענטשקעס אויף זייערע פינגער.

אויך מיט פאַלשעביינדלעך ווייסען זיי, ווי צו שפּיעלען; און איך האָב זיי געפונען שפּיעלענדיג מיט אַזאַ התמדה, אַז זיי האָבען געשוויצט דערביי.

מיר זיינען פרעמד איינער דעם אַנדערן, און זייערע טוגענדען זיינען נאָך מעהר צעווידער מיין געשמאַק, איידער זייערע פאַלש־קייטען און זייערע פאַלשע ביינדלעך.

און בעת איך האָב געוואוינט ביי זיי, האָב איך געוואוינט א י ב ע ר ז י י. דערפאַר זיינען זיי ברוגז געוואָרען אויף מיר.

זיי ווילען ניט הערען דערפון, אַז איינער זאָל אַרומגעהן אי־בער זייערע קעפּ; האָבען זיי צווישען מיר און זייערע קעפּ צוגעוויפּ־געשלעפּט האָלץ און ערד און אָבפאַל.

אַזוי אַרום האָבען זיי דומפּ געמאַכט דעם קול פון מיינע שריט: און ערגער פאַר אַלעמען בין איך ביז איצטער געהערט געוואָרען פון די געלערנטעסטע.

די פעהלערען און די שוואַכקייטען פון אַלע מענשען האָבען זיי אוועקגעלייגט צווישען זיך און מיר: — זיי רופען דאָס אַ „פעהל־בוידעם" אין זייערע הייזער.

אָבער למרות דעם, געה איך אום מיט מיינע געדאַנקען איבער זייערע קעפּ; און אפילו ווען איך וואָלט אַרומגעגאַנגען אויף מיינע אייגענע פעהלערען וואָלט איך נאָך אויך געווען איבער זיי און זייערע קעפּ.

מחמת די מענשען זיינען נ י ט גלייך: אַזוי זאָגט די גע־רעכטיגקייט. און וואָס איך וויל, טאָרען ז י י ניט וועלען.

אַזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ.

*  *
*

## די פּאָעטען.

„זינט איך קען בעסער דעם גוף, — האָט זאַראַטוסטראַ גע־זאָגט צו איינעם פון זיינע תלמידים, — איז די רוחניות פאַר מיר געוואָרען אזוי ווי א מין רוח; און דאָס גאַנצע „אומפאַר־גאַנגליכע" — איז אויך ניט מעהר ווי אַ משל."

„איך האָב דאָס שוין אמאָל געהערט פון דיר, האָט געענטפערט דער תלמיד, און יעמאָלט האָסטו נאָך צוגעגעבען: „אָבער די פּאָעטען לאַיגען צופיעל". פאַרוואָס האָסטו געזאָגט, אז די פּאָע־טען לאַיגען צופיעל?"

„פאַרוואָס? האָט זאַראַטוסטראַ געזאָגט. „דו פרעגסט פאַר־וואָס? איך געהער ניט צו די, ביי וועמען מען מעג פרעגען זייער פאַרוואָס.

איז דען מיין דורכלעבען פון נעכטען? עס איז שוין לאַנג צוריק, ווען איך האָב דורכגעלעבט די טעמים פון מיינע מיינונגען.

וואָלט איך ניט געדאַרפט זיין אַ זכרון־פאַס, ווען איך וואָלט אויך מיינע טעמים געוואָלט האָבען ביי זיך?

עס איז שוין צופיעל פאַר מיר, איך זאָל ביי זיך האַלטען נאָר די מיינונגען; און אַן אַנדער פויגעל פליהט אוועק.

און צייטענווייז געפין איך אין מיין טויבענשלאַג אַ צוגעפלוי־גענעם עוף, וואָס איז מיר פרעמד און וואָס ציטערט, ווען איך לייג אַרויף די האַנט אויף איהם.

נאָר — וואָס האָט דיר אמאָל זאַראַטוסטראַ געזאָגט? אַז די פּאָעטען לאַיגען צו פיעל? — אָבער אויך זאַראַטוסטראַ איז אַ פּאָעט.

גלויבסטו איצטער, אַז ער האָט דאָ אַן אמת געזאָגט? פאַר־וואָס גלויבסטו דאָס?"

דער תלמיד האָט געענטפערט: „איך גלויב אין זאַראַטוסטראַ."

אָבער זאראטוסטרא האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און האָט געשמייכעלט.

דער גלויבען מאַכט מיך ניט גליקליך, האָט ער געזאָגט, בפרט דער גלויבען אין מיר.

אָבער אָנגענומען, אַז עמיצער האָט אין פולען ערנסט געזאָגט, די פּאָעטען לאַיגען צופיעל: איז ער גערעכט, — מיר לאַיגען צופיעל.

מיר ווייסען אויך צו ווענציג און זיינען שלעכטע לומדים. איז — מוזען מיר טאַקי לאַיגען.

און ווער פון אונז פּאָעטען האָט ניט פאַרפעלשט זיין ווין? ניט איין גיפטיגע מישעכץ איז פאַרגעקומען אין אונזערע קעלערן, ניט איינמאָל איז דאָרטען עפּעס אומבאַשרייבליכעס אָפּגעטאָן געוואָרען.

און מחמת מיר ווייסען ווייניג, דעריבער געפעלען אונז פון גאַנצען הארצען די גייסטיג אָרעמע, דערהויפּט, ווען דאָס זיינען יונגע ווייבס-פאַרשוינען!

און מיר האָבען אויך לוסט צו יענע זאַכען, וואָס די אַלטע ווייבער דערצעהלען אין אָוועגט איינע דער אַנדערער. דאָס רופען מיר אַליין דאָס אייביג-ווייבליכע אין אונז.

און אַקוראַט ווי עס וואָלט געווען אַן אויסטערלישער בעהאַלטענער צוגאַנג צו דעם וויסען, וואָס ווערט פ א ר ש א ט ע ן פאַר אַלעמען, וועלכע לערנען עפּעס: גלויבען מיר אין דאָס פאָלק און אין זיין קלוגשאַפענקייט.

דאָס אָבער גלויבען אַלע פּאָעטען: אַז ווער עס ליעגט אין גראָז אָדער אויף אַן איינזאַמען בארג-שפּוע און שפּיצט צו זיינע אויערען, דערגעהט עפּעס וועגען די זאַכען, וואָס זיינען צווישען הימעל און ערד.

און קומען צו זיי צאַרטליכע אויפרעגונגען, מיינען תמיד די פּאָעטען, אַז די נאַטור אַליין איז אין זיי פאַרליעבט:

און זי שאַרט זיך צו זייערע אויערען, סודות'דיגעס אריינצר-

זאָגען און פאַרליעבטע חניפה־רייד: זיי האַלטען זיך גרויס מיט דעם און באַריהמען זיך פאַר אַלע שטערבליכע!

אַך, עס זיינען דאָ אַזויפיעל זאַכען צווישען הימעל און ערד, וועגען וועלכע נאָר די פּאָעטען האָבען געקאָנט עפּעס אויס׳חלום׳ען.

און בפרט נאָך א י ב ע ר דעם הימעל: ווייל אַלע געטער זיינען פּאָעטען־משלים, פּאָעטען־אויסטראַכטעכץ!

באמת, תמיד ציעהט עס אונז אַרויף — דאָס הייסט צו דער ממשלה פון די וואָלקענס. מיר זעצען אַרויף אויף זיי אונזערע פּיעלפאַרביגע ליאַלקעס און רופען זיי געטער און איבער־מענשען:

זיי זיינען גראָד גענוג גרינג פאַר יענע שטוהלען — אַט די אַלע געטער און איבער־מענשען.

אַך, ווי מיר איז נמאס געוואָרען אַל׳ דאָס ניט צו דערגרייכענדע, וואָס זאָל דורכאויס זיין אַ ווירקליכע פּאַסירונג! אַך, ווי נמאס זיינען מיר די פּאָעטען!

בעת זאַראַטוסטראַ האָט אַזוי גערעדט, איז זיין תלמיד געווען ברוגז אויף איהם, אָבער ער האָט געשוויגען. און אויך זאַראַטוסטראַ האָט געשוויגען; און זיין אויג האָט זיך אַ קעהר געטאָן צום אינוועניג, פּונקט, ווי ער וואָלט געקוקט אין די ווייטע ווייטען. לסוף האָט ער אַ זיפץ געטאָן און אָפּגעעטעמט.

איך בין פון היינט און פון פריהער־אַמאָל, האָט ער נאָכדעם געזאָגט; אָבער עפּעס איז אין מיר, וואָס איז פון מאָרגען און איבערמאָרגען און שפּעטער־אַמאָל.

מיר זיינען נמאס געוואָרען די פּאָעטען, די אַלטע און די נייע: זיי זיינען מיר אַלע איבערפלאַכיג און ניט טיעפע ים׳ען.

זיי האָבען ניט גענוג געטראַכט אין דער טיעף: דעריבער איז זייער געפיהל ניט אַראָפּגעזונקען ביז צום גרונט.

אַ ביסעל תאוה־לוסט, אַביסעל אומעט: אַט דאָס איז געווען זייער בעסטער נאָכקלעהר.

געשפּענסטער־אָטהעם און געשפּענסטער־פליהען איז פאַר מיר דער גאַנצער קלינג־קלאַנג פון זייערע האַרפען: וואָס האָבען

זיי ביז אהער געוואוסט פון דעם אינוועניגסטען ברען אין די טענער! —

זיי זיינען פאר מיר אויך ניט גענוג ציכטיג: זיי מאכען ברוד־דיג זייערע וואסערען, כדי עס זאָל אויסזעהן טיעף.

און גערן טרעטען זיי דורך דעם ארוים ווי שלום־מאכערס: אָבער זיין בלייבען פאר מיר מיטלערס און מישערס און האלב־אויף־האלבע און אומציכטיגע! —

אָך, איך האָב מיין נעץ שוין אמאָל אין זייער ים פארוואָרפען און האָב געוואָלט גוטע פיש פאנגען; אָבער תמיד האָב איך ארויס־געצויגען א קאָפּ פון אן אלטען גאָט.

אזוי־אָט האָט דער ים דעם הונגעריגען א שטיין געגעבען, און משמעות, זיי אליין שטאמען אָפּ פון דעם ים.

געווים, מען געפינט פערעל ביי זיי: דאָס מעהר זיינען זיי אליין ענליך צו די ים־שרצים מיט הארטער שאָלעכץ. און אנשטאָט א נשמה האָב איך אָפט געפונען ביי זיי געזאלצענע ליחות.

פון דעם ים האָבען זיי אָפּגעלערנט אויך זיין וויסטע גאוה: איז דען ניט דער ים א פאווע שב׳פאוועס?

אפילו פאר דעם מיאוס'טען פון אלע בופלאקסען שפרייט ער פאנאנדער זיין עק, קיינמאָל ווערט איהם ניט נמאס זיין שפיצען־פאָכער פון זילבער און זייד.

אין כעס קוקט דערויף דער בופלאקס, וואָס איז אין זיין נשמה נאָהענט צו דעם זאמד, נאָך נעהענטער צו דעם געדיכטען וואלד און גאָר אם נאָהענטסטען צו דעם זומף.

וואָס איז איהם שעהנקייט און ים און פאווע־ציערונג! אָט דעם משל זאָג איך פאר די פאָעטען.

באמת, זייער גייסט גופא איז די פאווע שב׳פאוועס און א ים פון אייטעלקייט!

דער גייסט פון דעם פאָעט וויל האָבען צושויערס: און זאָלען דאָס זיין אפילו בופלאקסען! —

אָבער אָט דער גייסט איז מיר נמאס געוואָרען: און איך זעה די צייט קומען, ווען ער וועט זיך אליין נמאס ווערען.

איך האָב שוין געזעהען, ווי די פּאָעטען האָבען זיך שוין
געביטען און ווי זייער בליק האָט זיך געווענדט אויף זיך גופא.
איך האָב געזעהען קומען בעלי־תשובה'ס פון דעם גייסט:
זיי זיינען ארויסגעוואַקסען פון זיי. —
אַזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ.

* *
*

## גרויסע פּאַסירונגען.

אין ים איז דאָ אַן אינזעל — ניט ווייט פון זאַראַטוסטראַ'ס
גליקליכע אינזלען —, וואָס אויף איהר טוט תמיד זיך רויכערען
א פייער־באַרג; ווענען אָט דער אינזעל זאָגט דאָס פאָלק — און
דער עיקר זאָגען דאָס די אַלטע ווייבער פון פאָלק, — אַז זי איז
ווי א פעלז, אוועקגעשטעלט פאַר דעם טויער פון דער שאול־תחתיה:
אָבער דורך דעם פייער־באַרג גופא ציעהט זיך א שמאָלער וועג
אין דער טיעף, וואָס פיהרט צו יענעם טויער פון דער שאול.

האָט פּאַסירט, אַז בשעת זאַראַטוסטראַ האָט פאַרבראַכט אויף
די גליקליכע אינזלען, האָט א שיף זיך פאַראַנקערט ביי דער
אינזעל מיט דעם זיך רויכערענדען באַרג און די מאַטראָסען זיינען
אַראָפּ אויפ'ן ברעג, קראָליקעס צו שיסען. אָבער ארום דער צייט
פון האַלבען־טאָג, ווען דער קאַפּיטאַן און זיינע לייט זיינען ווידער
געווען אין איינעם, האָבען זיי פּלוצלונג דערזעהן, ווי א מאַן
קומט צו זיי דורך דער לופט, און א שטים האָט קלאָר ארויסגערעדט: „עס איז צייט! עס איז די העכסטע צייט!" נאָר אַז די
געשטאַלט איז געווען אַם נאָהענטסטען צו זיי — זי איז אָבער
שנעל פאַרביי געפלויגען ווי א שאָטען אין דער ריכטונג פון דעם
פייערבאַרג — האָבען זיי מיט דער גרעסטער פאַרוואונדערונג דערקענט אין איהר זאַראַטוסטראַ'ן; ווייל זיי אַלע, א־חוץ דעם קאַפּיטאַן, האָבען איהם שוין אַמאָל געזעהען, און זיי האָבען איהם
געליעבט, ווי דאָס פאָלק טוט ליעבען: אַזוי אַז אין דעם געפיהל
זיינען געווען אין איינעם אין גלייכע טיילען ליעבע און מורא.

„קוקט נאָר אָן! האָט געזאָגט דער אַלטער רודערמאַן, אָט געהט זאַראַטוסטראַ אין גיהנום אַריין!" —

אין דערזעלביגער צייט, ווען די שיפער זיינען צוגעשטאַנען צו דער פייער־אינזעל, האָט זיך אַרומגעטראָגען אַ קלאַנג, אַז זאַראַטוסטראַ איז פאַרשוואונדען; און ווען מען האָט געפרעגט זיינע פריינד, האָבען זיי דערצעהלט, אַז ער איז ביי דער נאַכט אוועק אויף אַ שיף, האָט אָבער ניט געזאָגט, וואוהין ער וויל פאָהרען.

איז מען געוואָרען אומרוהיג; אין דריי טעג אַרום איז צו דער אומרוה צוגעקומען די געשיכטע מיט די שיפס־לייט — האָט דאָס גאַנצע פאָלק געזאָגט, אַז דער טייוועל האָט געכאַפּט זאַראַטוסטראַ'ן. זיינע תּלמידים האָבען אפילו געלאַכט פון אָט דער שמועסעריי, און איינער פון זיי האָט געזאָגט: „איך וועל גיכער גלויבען, אַז זאַראַטוסטראַ האָט געכאַפּט דעם טייוועל." אָבער טיעף אין דער נשמה זיינען זיי אַלע געווען פול מיט זאָרג און בענקשאַפט: איז דעריבער גרויס געווען זייער פרייד, ווען זאַראַטוסטראַ איז אויף דעם פינפטען טאָג געקומען צו זיי.

און אָט דאָס איז, וואָס זאַראַטוסטראַ האָט דערצעהלט וועגען זיין שמועס מיט דעם פייער־הונט:

די ערד, האָט ער געזאָגט, האָט אַ הויט. און אָט די הויט האָט איהרע חולאת'ען. איינע פון אָט די חולאת'ען, צום ביישפּיעל, רופט זיך: „מענש".

און אַן אַנדער חולאת רופט זיך „פייער־הונט": וועגען איהם האָבען די מענשען זיך אַ סך שקרים אָנגעדערצעהלט און זיך געלאָזט אָנלאָיגען פון אַנדערע.

אָט דעם סוד אויסצוגעפינען בין איך איבער'ן ים געפאָהרען: און איך האָב דעם אמת געזעהען אַ נאַקעטען, בנאמנות, אַ באָרוועסען ביז צום האַלז.

איצטער ווייס איך שוין, וואָס עס איז די מעשה מיט דעם פייער־הונט; גם כּן מיט אַלע אַנדערע אויסוואורף־ און אומשטורץ־טייוואָלים, פאַר וועמען ניט נאָר אַלטע ווייבעלעך האָבען מורא.

„אַרויס, דו פייער־הונט, פון דיין טיעף! האָב איך אַ רוף

געטאָן, און בעוויזן, ווי טיעף דיין טיעף איז! פון וואַנען נעמסט זיך ביי דיר דאָס, וואָס דו שפּריצסט ארוים אין צאָרן?

טרינקסט בהרחבה פון דעם ים: דאָס זאָגט אוים פון חדר דיין פאַרזאַלצטע מליצה. בנאמנות, פאַר א הונט פון דער טיעף נעמסט דו דיין שפּייז צו פיעל פון דער אויבערפלאַך!

העכסטענס האַלט איך דיך פאַר דעם בויכרעדנער פון דער ערד: און תמיד ווען איך האָב געהערט די רעדען פון די אומשטורץ־ און אויסוואורף־טייוואָלים, האָב איך געפונען, זיי זיינען, אזוי ווי דו: געזאַלצען, ליגנעריש און פלאַך.

איהר פאַרשטעהט, ווי צו ברומען און צו פאַרטונקלען מיט אַש. איהר זייט די בעסטע פּיסק־העלדען און האָט צו דער זעט זיך אויסגעלערנט די קונסט, ווי אויפצוזידען היים דעם שלאַם.

וואו איהר זייט, דאָרטען מוז תמיד זיין שלאַם אין דער נאָ־ הענט און א סך, וואָס איז שוואָמיג, אויסגעלעכערט און צונויפגע־ פּרעסט: דאָס וויל אין די פריי.

„פרייהייט" ברומט איהר אַלע מיט דעם גרעסטען חשק: אָבער איך האָב פאַרלאָרען דעם גלויבען אין „גרויסע פּאַסירונגען", וויבאַלד ארום זיי איז א סך געברום און רויך.

און גלויב מיר נאָר, פריינד גיהנום־ליאַרעם! די גרעסטע פּאַסירונגען, — דאָס זיינען ניט די שרייענדסטע, נאָר די שטילסטע שעה'ן אונזערע.

ניט ארוים די ערפינדער פון א נייעם ליאַרעם: ארום די ער־ פינדער פון נייע ווערטען דרעהט זיך די וועלט; א ו מ ג ע ה ע ר ט דרעהט זי זיך.

און זיי זיך נאָר מודה! עס האָט תמיד פּאַסירט זעהר ווע־ ניג, ווען דיין ליאַרעם און רויך האָבען זיך פאַרפלויגען. און וואָס איז דאָרטען ווען א שטאָדט איז געוואָרען א מומיע און א בילד־ זייל ליעגט אין קויט!

און אָט דאָס וואָרט זאָג איך צו די אומשטירצלער פון בילד־ זיילען. עס איז זיכער די גרעסטע נארישקייט צו וואַרפען זאַלץ אין ים און בילד־זיילען אין דעם קויט.

אין דעם שלאָס פון אייער פאַראַכטונג איז די בילד־ווייל גע־לעגען: אָבער דאָס איז גראָד איהר געזעץ, אַז פון דער פאַראַכ־טונג זאָל פאַר איהר ווידער אַרויסוואַקסען לעבען און לעבעדיגע שעהנקייט!

מיט געטליכע שטריכען שטעהט זי ווידער אויף, ליידענד־פאַרפיהרעריש; און באמת! זי וועט אייך נאָך זאָגען אַ דאַנק פאַר דעם אומשטורץ, איהר אומשטירצלער!

אָבער אָט די עצה גיעב איך די מלכים און די קירכען און אַלעמען, וואָס זיינען געוואָרען שוואַך פון עלטער און שוואַך אין טוגענד — לאָזט אייך נאָר אומשטירצען! כדי איהר זאָלט ווידער קומען צום לעבען און די טוגענד — צו אייך! — ״

אַזוי־אַ האָב איך גערעדט פאַר דעם פייער־הונט: איז ער מיט אַ בייזער אַריינגעפאַלען אין די רייד און האָט געפרעגט: „קירכע? וואָס איז עס דען אַזוינס?“

„קירכע, האָב איך געענטפערט, דאָס איז אַ מין שטאַאַט, און דערצו נאָך דער פאַר׳שקרן׳טסטער. נאָר שוויג שטיל, דו צבוע׳־קישער הונט! דו קענסט געוויס בעסער פאַר אַלעמען דעם איי־גענעם מין!

פונקט ווי דו נופא איז דער שטאַאַט אַ צבוע׳קישער הונט; פונקט ווי דו רעדט ער גערן מיט רויך און געברום, — כדי עס זאָל מאַכען גלויבען, ווי דו, אַז ער רעדט אויס דעם בויך פון די זאַכען.

ווייל ער וויל דורכאויס זיין די וויכטיגסטע באַשעפענים אויף דער ערד, דער שטאַאַט; און מען גלויבט איהם דאָס.“ —

ווען איך האָב דאָס געזאָגט, האָט דער פייער־הונט זיך גענו־מען וואַרפען, ווי משוגע פון קנאה. „וואָס? האָט ער געשריען, די וויכטיגסטע באַשעפעניש אויף דער ערד? און דאָס גלויבט מען איהם?“

און אַזוי פיעל דאַמף און שרעקליכע שטימען זיינען אַרויס פון זיין האַלז, אַז איך האָב געמיינט, עס וועט דערשטיקט ווערען פון ערגערנים און קנאה.

לסוף איז ער שטילער געוואָרען און זיין קייכען איז געוואָרען שוואכער. אָבער ווי נאָר ער איז געוואָרען שטיל, האָב איך צו איהם געזאָגט מיט אַ געלעכטער:

„דו ערגערסט זיך, פייער־הונט: הייסט עס, אַז בנוגע דיר בין איך גערעכט!

און כדי איך זאָל נאָך בלייבען גערעכט, איז — הער וועגען אַן אַנדער פייער־הונט: יענער רעדט ווירקליך אויס דעם האַרצען פון דער ערד.

גאָלד עטעמט זיין אָטעם און גאָלדיגען רעגען: אַזוי איז דער באַגעהר פון זיין האַרצען. וואָס זיינען פאַר איהם אַש און רויך און הייסע שפּייעכץ!

לאַכען פלאַטערט אַרויס פון איהם, ווי אַ פיעל־פאַרביגער וואָלקען; אומווערדיג איז איהם דיין גאָרגלען און שפּייען און דער גרימען פון דיינע איינגעווייד!

גאָלד און לאַכען — דאָס נעמט ער אָבער אויס דעם האַרצען פון דער ערד: ווייל — וויסען דאַרפסטו: ד אָ ס ה אַ ר ץ פ ו ן ד ע ר ע ר ד א י ז פ ו ן ג אָ ל ד."

אַז דער פייער־הונט האָט דאָס דערהערט, האָט ער מעהר ניט געקאָנט אויסהאַלטען, ניט געקאָנט מעהר מיך אויסהערען. פאַרשעמט האָט ער אונטערגעבויגען זיין עק, האָט געזאָגט מיט אַ פאַרשטיקטער שטים: האו! האו! און איז אַוועקגעקראָכען אין זיין הויהל. —

אַזוי האָט זאַראַטוסטראַ דערצעהלט. זיינע תלמידים אָבער האָבען קוים איהם צוגעהערט: אַזוי גרויס איז געווען זייער תשוקה, ער זאָל זיי דערצעהלען וועגען די שיפס־לייט, די קראָליקעס און דעם פליהענדען מאַן.

„וואָס זאָל איך האַלטען דערפון!" האָט זאַראַטוסטראַ געזאָגט. בין איך דען אַ געשפּענסט?

נאָר — דאָס איז הפנים געווען מיין שאָטען. איהר האָט דאָך שוין עפּעס געהערט וועגען דעם וואַנדערער און זיין שאָטען?

זיכער אָבער איז איינס: איך מוז איהם שטרענגער האַלטען אין צויב, — אַז ניט פאַרדאַרבט ער מיר מיין גוטען נאָמען.״

און נאָך אַ מאָל האָט זאַראַטוסטראַ אַ שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ און האָט זיך געוואונדערט. „וואָס זאָל איך האַלטען דערפון!“ האָט ער נאָך אַ מאָל געזאָגט.

„פאַרוואָס האָט דער געשפּענסט געשריען: ׳עס איז צייט! עס איז די העכסטע צייט!׳

די העכסטע צייט — צו וואָס דען? —“

אַזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ.

* *
*

## ׳ער וואָהרזאָגער.

„—און איך האָב געזעהען, ווי אַ גרויסע טרויעריגקייט קומט איבער די מענשען. פאַר די בעסטע מענשען איז נמאס געוואָרען זייער ווערק.

אַ תורה האָט זיך געלאָזט הערען, אַ גלויבען איז געלאָפען לעבען איהר: „אַלץ איז ליידיג, אַלץ איז אַלץ־איינס, אַלץ איז געווען!“

און פון אַלע בערגלעך האָט זיך געטראָגען דער ווידער־קלאַנג: „אַלץ איז ליידיג, אַלץ איז אַלץ־איינס, אַלץ איז געווען!“

יע, מיר האָבען אריינגעבראַכט אונזערע פּירות. אָבער פאַרוואָס זיינען זיי אַלע געוואָרען צופוילט און ברוין? וואָס איז אין דער לעצטער נאַכט אַראָפּגעפאַלען פון דער בייזער לבנה?

אומזיסט איז געווען די גאַנצע ארבייט, גיפט איז אונזער וויין געוואָרען, אַ בייזער בליק האָט גאָל פאַר׳שרפה׳ט אונזערע פעלדער און הערצער.

טרוקען זיינען מיר אַלע געוואָרען, און פאַלט פייער אויף אונז, ווערען מיר צושטויבט ווי אַש: אפילו דאָס פייער גופא האָבען מיר מיעד געמאַכט.

אַלע ברונענס זיינען אונז אויסגעטריקענט, אויך דער ים האָט

זיך אָפּגערוקט צוריק. יעדער גרונט וויל אויפרייסען, אָבער די טיעף וויל ניט שלינגען!

„אַך, וואו נעמט מען נאָך א ים, אין וועלכען מען זאָל זיך קאָנען דערטרינקען": אזוי טוט ארומקלינגען אונזער קלאָג איבער די פלאַכע זומפּען.

„באמת, מיר זיינען שוין צו מאַט צום שטאַרבען; איז — זיינען מיר נאָך וואך און לעבען ווייטער — אין קברים!" —

אזוי האָט זאַראַטוסטראַ געהערט, ווי א וואָהרזאָגער האָט גערעדט. און זיין נבואה האָט געריהרט זיין הארץ און האָט איהם פאַרענדערט. טרויעריג איז ער אומגעגאַנגען און מיעד; און ער איז געוואָרען פּונקט ווי יענע, וואָס וועגען זיי האָט גערעדט דער וואָהרזאָגער.

באמת, האָט ער געזאָגט צו זיינע תלמידים, נאָך א קליינע ווייל — און עס קומט דער לאַנגער בין־השמשות. אַך, ווי זאָל איך אריבער־רעטען מיין ליכט־שיין!

אז ער זאָל מיר ניט דערשטיקט ווערען אין אָט דער טרויעריג־קייט! ער דאַרף דאָך זיין א ליכט־שיין פאר די ווייטערע וועלטען און די נאָך ווייטערע נעכט!

אויף אזא'ן אופן איז זאַראַטוסטראַ ארומגעגאַנגען, פאַר־דאגה'ט אין זיין הארצען; און דריי טעג נאַכאַנאַנד האָט ער זיך ניט צוגעריהרט צו שפּייז און געטראַנק, האָט קיין רוה ניט געהאַט און האָט דעם לשון פאַרלאָרען. צום סוף האָט פּאַסירט, אז ער איז אריינגעפאַלען אין א טיעפען שלאָף. זיינע תלמידים אָבער זיינען געזעסען ארום איהם, געוואַכט לאַנגע נעכט, און געוואַכט אין זאָרג, ווען וועט ער וואך ווערען און ווידער רעדען און זיך אויסהיילען פון זיין שווער געמיט.

און דאָס זיינען די רייד, וועלכע זאַראַטוסטראַ האָט גערעדט, ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף: זיין שטים אָבער איז דערגאַנגען צו זיינע תלמידים ווי פון א ווייטער ווייט׃

„הערט דאָך דעם חלום, וואָס מיר האָט גע'חלום'ט, איהר פריינד, און העלפט מיר טרעפען זיין זין!

א רעטענים איז ער פאר מיר נאך דער חלום; זיין זין ליגט פארבארגען אין איהם און איז געפאנגען אין איהם, און פליהט נאך ניט אום ארום איהם מיט פרייע פליגלען.

איך האב מיך אפגעזאגט פון דעם גאנצען לעבען, אזוי האט מיר גע'חלום'ט. א נאכט־שומר און א קברים־היטער בין איך געווארען, דארטען אויף דער בארג־פעסטונג פון טויט.

דארטען אויבען האב איך געהיט זיינע טרונעס. די דומפע געוועלבען זיינען געשטאנען פול מיט אזעלכע צייכענס פון טריאומף. אויס די גלעזערנע טרונעס האט געקוקט אויף מיר א פארגוואלטיגטער לעבען.

דעם גערוך פון פארשטויבטע אייביגקייטען האב איך גע־עטעמט: שטיקענד הייס און פארשטויבט איז געלעגען מיין נשמה. און ווער וואלט דארטען געקאנט לופטערן זיין נשמה!

די העלקייט פון האלבער נאכט איז תמיד געווען ארום מיר, איינזאמקייט איז געזעסען אין דרייען געדרעהט לעבען איהר; און די דריטע, די כארכלענדיגע טויט־שטילקייט, די ערגסטע פון מיינע פריינדינען.

שליסלען האב איך געהאט ביי זיך, די פארזשאווערטסטע פון אלע שליסלען; און איך האב געוואוסט, ווי צו עפענען מיט זיי די סקריפענדסטע פון אלע טויערען.

ווי א ביטער־בייזער קרעכץ איז דער טאן געלאפען דורך די לאנגע גאנגען, ווען די פליגלען פון די טויערען פלעגען זיך עפענען: מיט בייזער האט געשריען יענער פויגעל, ניט געוואלט האט ער, מען זאל איהם וועקען.

אבער נאך מאוים'דיגער און הארץ־באקלעהמענד'ער איז עס געווען ווען עס האט ווידער געשוויגען און ארום איז געווארען שטיל, און איך בין געזעסען אליין אין אט דעם בייז־טראכטענדען שוויינען.

אזוי איז זיך געגאנגען און האט זיך גערוקט די צייט, אויב עס איז נאך געוועזען אזא זאך, ווי צייט: וואס ווייס איך דער־פון! לסוף אבער האט פאסירט דאס, וואס האט מיך אויפגע־וועקט.

דריי מאָל האָבען קלעפּ געקלאַפּט אין דער טיר, ווי דונערען.
דריי מאָל האָבען די געוועלבען געענטפערט מיט אַ קלאַגענדען ווי־
דער־קול: בין איך צו דער טיר געגאַנגען.

אַלפּאַ! האָב איך אויסגערופען, ווער טראָגט זיין אַש אויפ׳ן
באַרג? אַלפּאַ! אַלפּאַ! ווער טראָגט זיין אַש אויפ׳ן באַרג?

און איך האָב געדריקט דעם שליסעל און געשלעפּט די טיר
און האָב מיך געמאַטערט, אָבער זי האָט זיך ניט געעפענט אַ פינ־
גער די ברייט.

דאָ האָט אַ ברויזענדער ווינט פאַנאַנדערגעריסען איהרע פליג־
לען: פייפענדיג, גרילצענדיג, שניידענדיג האָט ער מיר צוגעוואָר־
פען אַ שווארצע טרונע:

און אין ברויזען און פייפען און גרילצען האָט די טרונע גע־
פּלאַצט און האָט ארויסגעשפּיגען אַ טויזענטפאַלטיגען געלעכטער!

און טויזענטער פּרצופים פון קינדער, מלאכים, נאַכט־אוילען,
לצנים און שמעטערלינגען די גרויס, ווי אַ קינד, האָבען געלאַכט
און גע׳חוזק׳ט און געברויזט ארום מיר.

מורא׳דיג האָב איך מיך דערשראָקען דערפאַר: עס האָט מיך
אַנידערגעוואָרפען. און איך האָב געשריען פון אימה, ווי איך האָב
נאָך קיינמאָל ניט געשריען.

אָבער מיין אייגענער געשריי האָט מיך אויפגעוועקט: — און
איך בין געקומען צו זיך —"

אזוי האָט זאַראַטוסטראַ זיין חלום דערצעהלט און האָט דער־
נאָך געשוויגען: מחמת ער האָט נאָך ניט געוואוסט דעם באַשייד
פון דעם חלום. אָבער דער תלמיד, וועמען ער האָט מעהר פאַר
אַלעמען געליעבט, האָט זיך שנעל אויפגעהויבען, האָט גענומען זאַ־
ראַטוסטראַ׳ס האַנט און האָט געזאָגט:

דיין לעבען גופא באַשיידט אונז דעם חלום, אַ זאַראַטוסטראַ!
ביסטו ניט אַליין דער ווינט מיט דעם גרילצענדען פייפען, וואָס
רייסט אויף די טויערען אין די פעסטונגען פון דעם טויט?

ביסטו דען ניט גופא די טרונע פול מיט דעם לעבענס פיעל־
פאַרביגע בייזקייטען און מלאכים׳שע קאַריקאַטורען?

באמת, ווי א טויזענט־פּאַלטיגער קינד־געלעכטער קומט זאראַ־טוסטרא אין אַלע קברים־הייזלעך, לאַכענדיג פון אַט די נאַכט־שומרים און קברים־היטער און פון אַלע אַנדערע, וואָס גראַגערן מיט פינסטערע שליסלען.

דערשרעקען און אַנידערוואַרפען וועסטו זיי מיט דיין געלעכ־טער; זייער חלש'ען און וואַך־ווערען וועט דיין מאַכט איבער זיי באַווייזען. און אויך יעמאָלט, ווען עס וועט קומען דער לאַנגער בין־השמשות און די טויט־מיעדקייט, וועסטו ניט פאַרגעהן פון אונ־זער הימעל, דו מליץ־יושר פון דעם לעבען!

נייע שטערען האָסטו אונז געלאָזען זעהען און נייע פּרעכטיג־קייטען פון דער נאַכט; באמת, דעם לאַכען גופא האָסטו אויפגע־שפּאַנט ווי א פּיל־פאַרביגען געצעלט איבער אונז.

איצטער וועט תמיד א קינדער־לאַכען אַרויסקוואַלען פון די טרונעס; איצטער וועט תמיד קומען א טריאומפירענד שטאַרקער ווינט אויף דער גאַנצער טויט־מיעדקייט: אויף דערויף ביסטו גופא אונז די ערבות און דער וואָהרזאָגער!

באמת, **זיי גופא האָסטו גע׳חלום׳ט**, דיינע פיינד: דאָס איז דיין שווערסטער חלום געווען!

אָבער — אַקוראַט ווי דו ביסט אויפגעוואַכט געוואָרען פון זיי און ביסט געקומען צו זיך, אַזוי זאָלען זיי אויפוואַכען פון זיך גופא — און קומען צו דיר!" —

אַזוי האָט גערעדט דער תלמיד; און אַלע אַנדערע האָבען זיך געשטופּט אַרום זאַראַטוסטרא און האָבען איהם גענומען פאַר די הענט און האָבען איהם געוואָלט איינריידען, ער זאָל אַרויס פון בעט און פון זיין טרויעריגקייט און זיך אומקעהרען צו זיי. זאַ־ראַטוסטרא אָבער איז געזעסען אויף זיין געלעגער אויפגעשטעקט און מיט א פרעמדען בליק. פונקט ווי איינער וואָס האָט זיך אומגע־קעהרט פון א לאַנגער פרעמד, האָט ער געקוקט אויף זיינע תלמידים, געפאָרשט זייערע פּניב'ער און האָט זיי נאָך ניט דערקענט. אָבער ווען זיי האָבען איהם אויפגעהויבען און אויף די פיס אוועקגע־שטעלט, ערשט, מיט איין מאָל האָט זיך אומגעביטען זיין אויג;

ער האָט פארשטאַנען אלץ, וואָס עם האָט פּאסירט, האָט זיך א
גלעט געטאָן די באָרד און האָט געזאָגט מיט א שטאַרקער שטים:

„זאָל זיין! נאַר — דאָס וועט נאָך קומען מיט דער צייט;
זעהט אָבער, מיינע תלמידים, מיר זאָלען האָבען א גוטע מאָהלצייט,
און שוין באלד! אזוי־אָ וויל איך נעמען א תשובה אויף זיך פאַר
די שלעכטע חלומות!

דער וואָהרזאָגער אָבער זאָל ביי מיין זייט עסען און טרינקען:
און בנאמנות, איך וועל איהם נאָך באווייזען א ים, אין וועלכען
ער קאָן זיך דערטרינקען!"

אזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטרא. דערנאָך האָט ער לאַנג
אריינגעבליקט אין דעם פּנים פון דעם תלמיד, וואָס האָט דעם חלום
פּותר געווען, און האָט דערביי געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

* *
*

## די גאולה

אז זאַראַטוסטרא איז אמאָל געגאַנגען איבער דער גרויסער
בריק, האָבען איהם ארומגערינגעלט קריפּעלס און בעטלערס און
איינער א הויקער האָט צו איהם אזוי געזאָגט:

„זעה נאַר, זאַראַטוסטרא! אויך דאָס פאָלק לערנט פון דיר
און געווינט גלויבען אין דיין לערנונג: אָבער כדי ער זאָל דיר גלויבען
גאַנץ, דאַרף מען האָבען נאָך איין זאַך — דו מוזט נאָך ערשט
אונז, קריפּעלס, איבעררייידען! דאָ האָסטו איצטער א שעהנעם
אויסקלייב און באמת א געלעגענהייט מיט מעהר איידער איין
צאָפּ! בלינדע קאָנסטו היילען און לאָהמע מאכען לויפענדיג;
און ביי דעם וואָס האָט צופיעל אהינטער זיך, וואָלסטו געקאָנט א
ביסעל אוועקנעמען:—דאָס, מיין איך, וואָלט געווען דער ריכטיגער
אופן, ווי אזוי צו מאכען, אז קריפּעלס זאָלען גלויבען אין זאַראַ־
טוסטרא!"

זאַראַטוסטרא אָבער האָט דעם, וואָס האָט דאָס גערעדט, גע־
ענטפערט אזוי צו זאָגען: ווען מען נעמט אוועק ביי דעם הויקער

זיין הויקער, נעמט מען ביי איהם אוועק זיין גייסט — אזוי לערנט דאס פאלק. און ווען מען גיט צוריק דעם בלינדען זיינע אויגען, זעהט ער צופיעל שלעכטע זאכען אויף דער ערד: אזוי, אז ער פארשילט דעם, וואס האט איהם געהיילט. און דער, וואס מאכט דעם לאהמען לויפענדיג, דער טוט איהם אן דעם גרעסטען שאדען: ווייל ווי נאר ער קען לויפען, אזוי צויאגען זיך מיט איהם זיינע לאסטערס — אזוי לערנט דאס פאלק וועגען די פארהויקערטע. און פאר וואס זאל זאראטוסטרא ניט לערנען אויף פונ׳ם פאלק, וויבאלד דאס פאלק לערנט פון זאראטוסטרא׳ן?

דאס איז אבער נאך א קלייניגקייט, ווען איך זעה, זינט איך בין צווישען מענשען: „אט דעם פעהלט אן אויג און יענעם אן אויער און א דריטען א פוס און עס זיינען דא אנדערע, וואס האבען פארלארען די צונג אדער די נאז אדער דעם קאפ".

איך זעה און האב געזעהען נאך ערגערע זאכען און אפטמאל אזעלכע חלשות׳דיגע, אז ניט וועגען איטליכער זאך וואלט איך געוואלט ריידען און וועגען אייניגע וואלט איך אפילו ניט געוואלט שווייגען: איך האב דא אין זין מענשען, וועמען עס פעהלט אל׳דאס־דינג, א־חוץ וואס איין זאך האבען זיי צופיעל—מענשען, וואס זיי־נען ניט קיין אנדער זאך, ווי א גרויסע אויג אדער א גרויסער מויל אדער א גרויסער בויך אדער עפעס אן אנדער זאך, א גרויסע, — איבערגעקערטע קריפעלם רוף איך אן אזעלכע מענשען.

און אז איך בין געקומען פון מיין איינזאמקייט און בין צום ערשטען מאל איבער אט דער בריק געגאנגען, האב איך מיינע אויגען ניט געגלויבט. איך האב געקוקט און געקוקט און לסוף האב איך געזאגט: „דאס איז אן אויער! אן אויער, די גרויס ווי א מענש!" איך האב מיך בעסער צוגעקוקט, און כך הוה: אונטער דעם אויער האט זיך באוועגט נאך עפעס, וואס איז געווען נעבעכ־דיג קליין און ארעם און פארשמאכט. און בנאמנות, דער אומגע־הויער׳ער אויער איז געזעסען אויף א קליינעם דינעם ריטעלע און דאס ריטעלע איז געווען א מענש! דער וואס וואלט א גרויס־גלאז גענומען צום אויג, וואלט אפילו געקאנט דערקענען א קליין פנים׳ל

פול קנאה און אויך אן אויפגעבלאָזענע נשמה'לע האָט זיך גע־באָמבעלט אויף דעם ריטעל. דאָס פאָלק האָט מיר אָבער געזאָגט, אז דער גרויסער אויער איז ניט נאָר א מענש, נייערט א גרויסער מענש, א זשעני. אָבער איך האָב קיינמאָל ניט געגלויבט דעם פאָלק, ווען עס האָט גערעדט וועגען גרויסע מענשען און בין ביי מיין גלויבען געבליבען, אז דאָס איז אן איבערגעקערטער קריפעל, וואָס האָט פון אלע זאכען צו ווייניג און פון איין זאך צו פיעל."

ווען זאראַטוסטרא האָט אזוי גערעדט צו דעם הויקער און צו אלע יענע, פאר וועלכע יענער איז געווען דער מויל און דער מליץ־יושר, האָט ער זיך געווענדט צו זיינע תלמידים אין טיעפען אומעט און האָט געזאָגט:

„באמת, מיינע פריינד, איך געה אום צווישען די מענשען, ווי צווישען שערבלעך און איברים פון מענשען!

דאָס איז פאר מיין אויג דאָס שרעקליכע, וואָס איך געפין, ווי דער מענש איז צעבראָכען אויף שטיקער און צושטרויט ווי איבער א שלאכט־פעלד אָדער א קוילער־פעלד.

און ווען מיין אויג פליהט פון דעם „איצטער" צו דעם „אמאָל": געפינט עס תמיד די אייגענע זאך: שערבלעך און איברים און שרעקליכע סבות — אָבער ניט קיין מענשען!

דער „איצטער" און דער „אמאָל" אויף דער ערד — אך! מיינע פריינד — דאָס איז מיין ניט אויסצוהאַלטענדער צער; און איך וואָלט ניט געקאָנט בלייבען לעבען, ווען איך וואָלט דערצה ניט געווען קיין נביא, קיין זעהער פון דעם, וואָס עס מוז קומען.

א זעהער, א וועלענדער, א שאַפענדער, אליין א צוקונפט און א בריק צו דער צוקונפט און, אך, דערצו נאָך כמעט ווי א הויקער אויף יענער בריק: דאָס אלץ אין איינעם איז זאראַטוסטרא.

און אויך איהר האָט אָפט געפרעגט: „ווער איז פאר אונז זאראַטוסטרא? ווי זאָלען מיר איהם רופען?" און פונקט אזוי ווי איך האָט איהר זיך געענטפערט מיט פראַגען.

איז ער א צוזאָגענדער? אָדער דער וואָס איז מקיים זיין צו־

זאָג? אַן איינגעהמענדער? אָדער אַ יורש? אַ שניט־צייט?
אָדער אַן אַקער־פּלוג? אַ רופא? אָדער אַן אויסגעהיילטער?

איז ער אַ דיכטער? אָדער אַ וואָהרהאַפטיגער? אַ באַפרייער?
אָדער אַ באַצווינגער? אַ גוטער? אָדער אַ שלעכטער?

איך געה אַרום צווישען מענשען ווי צווישען שערבלעך פון דער צוקונפט: פון יענער צוקונפט, וואָס איך באַטראַכט.

און עס איז מיין גאַנצער דיכטען און טראַכטען, איך זאָל דאָס אין איינעם צונויפדיכטען און צונויפטראָגען, וואָס עס איז שערבעל און רעטעניש און שרעקליכע סבה.

און ווי וואָלט איך געקאָנט אויסהאַלטען, אַ מענש צו זיין, ווען דער מענש וואָלט ניט געוועזען אויך אַ דיכטער און רעטעניש־טרע־פער און דער אויסלייזער פון דעם צופאַל!

דאָס פאַרגאַנגענע אויסצולייזען און איטליך „עס איז געוועזען" אומצושאַפען אין אַן „אַזוי האָב איך עס געוואָלט!" — אָט דאָס ערשט קאָן איך אָנרופען די גאולה!

ווילען — אַזוי איז דער נאָמען פון דעם באַפרייער און פרייד־ברענגער: דאָס האָב איך געלערנט, מיינע פריינד! אָבער איצטער לערנט נאָך דאָס דערצו: דער ווילען גופא איז נאָך אַ געפאַנגענער.

וועלען בעפרייט: אָבער ווי רופט מען דאָס, וואָס שמידט אין קייטען אפילו דעם בעפרייער גופא?

„עס איז געוועזען" אַזוי רופט זיך דעם ווילען'ס צייהן־קריצענים און איינזאַמער צער. אָהנמעכטיג בנוגע אַלץ, וואָס עס איז געטאָן געוואָרען — איז ער אַ בייזער צוקוקער צו אַלץ, וואָס איז פאַר־גאַנגען.

דער ווילען קאָן ניט וועלען אויף צוריק; וואָס ער קאָן ניט ברעכען די צייט און דעם באַגעהר פון דער צייט, — אָט דאָס איז דעם ווילענס איינזאַמער צער.

וועלען באַפרייט. וואָס טראַכט אויס דאָס וועלען גופא, כדי ער זאָל פּטור ווערען פון זיין צער און זאָל לאַכען פון זיין תפיסה?

אַך, אַ נאַר ווערט יעדער געפאַנגענער! נאַריש לייזט זיך אויס אויך דער געפאַנגענער ווילען.

וואָס די צייט לויפט ניט צוריק, — דאָס איז זיין גרים־צאָרן;
„דאָס, וואָס עס איז געווען" — אזוי רופט זיך דער שטיין, וועלכען
ער קאָן ניט אוועק קייקלען.

איז — קייקעלט ער שטיינער פון גרים־צאָרן און שוואַר־געמיט,
און נעמט נקמה פון דעם, וואָס פיהלט ניט אזוי ווי ער דעם צאָרן
און דעם שוואַר־געמיט.

אזוי־אַ איז דער ווילען, דער בעפרייער, געוואָרען א וועה־
טוער: און פון אַלץ, וואָס קאָן ליידען, נעמט ער נקמה דערפאַר,
וואָס ער קאָן ניט אויף צוריק.

אָט דאָס, יע, אָט דאָס אַליין איז די נקמה אין זיך גופא:
דעם ווילענס ווידערווילען צו דער צייט און איהר „עס איז געווען".

באמת, א גרויסע נארישקייט וואוינט אין אונזער ווילען; און
עס איז געוואָרען א קללה אויף אַלץ, וואָס איז מענשליך, וואָס אָט
די נארישקייט האָט זיך אויסגעלערנט צו זיין גייסט!

ד ע ר  ג י י ס ט  פ ו ן  נ ק מ ה: מיינע פריינד, דאָס
איז ביז אהער געווען דעם מענשענס בעסטער איבערטראַכט; און
וואו עס איז ליידען געווען, דאָרטען האָט תמיד געזאָלט זיין שטראַף.

„שטראַף", אזוי האָט די נקמה זיך אַליין א נאָמען געגעבען:
מיט א שקר־וואָרט שווינדעלט זי זיך צבוע'קיש אויס א ריינעם
געוויסען.

און ווייל אין דעם וועלענדען גופא איז ליידען, מחמת דעם,
וואָס ער קאָן ניט וועלען אויף צוריק, דעריבער האָט דאָס וועלען
גופא און דאָס גאַנצע לעבען געזאָלט זיין — א שטראַף!

און אזוי ארום האָט זיך גענומען ארויפקייקלען א וואָלקען
אויף א וואָלקען איבער דעם גייסט: ביז די משוגעת האָט לסוף
געפריידיגט: „אַלץ פאַרגעהט, דעריבער איז אַלץ ווערט, עס זאָל
פאַרגעהן"!

„און דאָס איז דער יושר אַליין, יענעם געזעץ פון דער צייט,
זי זאָל מוזען פרעסען איהרע אייגענע קינדער": אזוי־אַ האָט גע־
פרעדיגט די משוגעת.

„מאָראַליש זיינען די זאַכען איינגעאָרדנעט לויט רעכט און

שטראָף. אָ, וואו איז די אויסלייזונג פון דעם שטראָם פון די זאכען און פון דער שטראָף, דער „זיין"? " אזוי האָט געפרעדיגט די משוגעת.

„קאָן דען זיין אויסלייזונג, ווען עס איז דאָ איין אייביג רעכט? אַך, ניט אוועק צו קייקלען איז דער שטיין „עס איז געווען": אייביג מוזען אויך זיין אַלע שטראָפען!" אזוי האָט געפרעדיגט די משוגעת.

„קיין טהאט קאָן ניט ווערען צו־נישט־געמאכט. ווי קאָן זי ווערען ניט־געטאָן דורך דער שטראָף! דאָס, אָט דאָס איז דאָס אייביגע אין דעם „זיין" פון דער שטראָף, וואָס דאָס „זיין" מוז אייביג ווידער־א־מאָל זיין — טהאט און שולד!

„סיידען דער ווילען זאָל סוף־כל־סוף זיך אַליין אויסלייזען און דאָס וועלען זאָל ווערען א ניט־וועלען — ":

נאָר — איהר, מיינע ברידער, קענט דאָך אָט דאָס פאַבעל־ליעד פון דער משוגעת.

איך האָב אייך אוועקגעפיהרט פון אָט די אויסגעטראכטע ליעדער, ווען איך האָב אייך געלערנט: „דער ווילען איז א שאַ־פענדער".

איטליך „עס איז געווען" איז א שערבעל, א רעטעניש, א שרעקליכע סבה — ביז דער שאַפענדער ווילען זאָגט דערויף: „אָבער אזוי האָב איך עס געוואָלט."

ביז דער שאַפענדער ווילען זאָגט דערויף: „אָבער אזוי וויל איך דאָס! אזוי וועל איך דאָס וועלען!"

אָבער — האָט ער שוין גערעדט אזוי? און ווען פאַסירט אזוינס? האָט דער ווילען זיך שוין אויסגעשפּאנט פון זיין אייגענער נארישקייט?

איז ד'ער ווילען שוין געוואָרען זיין אייגענער גואל און פרייד־ברענגער? האָט ער פארגעסען דעם גייסט פון נקמה און אַל' די ציינען־קריצענים?

און ווער האָט איהם געלערנט די אויס־איינונג מיט דער צייט און נאָך א העכערע זאַך איידער יעדע אויס־איינונג?

נאָך א העכערע זאַך איידער יעדע אויסאיינונג מוז דער ווי־

לען וועלען, וואָס איז אַ ווילען צו מאַכט — : אָבער ווי קומט דאָס בײַ איהם פאַר? ווער האָט איהם געלערנט אויף דאָס וועלען אויף צוריק?

אָבער, בײַ אָט דער שטעל פון זײַן רעדע האָט פּאַסירט, אַז זאַראַטוסטראַ האָט זיך פּלוצלונג אָפּגעשטעלט און האָט אין גאַנצען אויסגעזעהן, ווי אײַנער, וואָס איז בעפאַלען פון דער שרעקליכסטער אימה. מיט דערשראָקענע אויגען האָט ער געקוקט אויף זײַנע תלמידים; זײַן אויג האָט ווי מיט פײַלען דורכגעלעכערט זייערע געדאַנקען און הינטער־געדאַנקען. אָבער אין אַ קלײַנער ווײַלע אַרום האָט ער שוין ווידער געלאַכט און האָט געזאָגט אַ בארוהיגטער:

„עס איז שווער מיט מענשען צו לעבען, ווײַל שווײַגען איז אַזוי שווער, בפרט פאַר אַ פּלאַפּלער." —

אַזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ. דער הויקער אָבער האָט צוגעהערט צו דעם געשפּרעך און האָט דערבײַ פאַרדעקט זײַן פּנים; אַז ער האָט אָבער דערהערט, ווי זאַראַטוסטראַ לאַכט, האָט ער אַרויפגעקוקט נײַגעריג און האָט אַ זאָג געטאָן פּאַמעליך:

„אָבער פאַרוואָס רעדט זאַראַטוסטראַ אַנדערש צו אונז, איידער צו זײַנע תלמידים?"

זאַראַטוסטראַ האָט געענטפערט: „וואָס איז דאָ דער חדוש! מיט הויקערס מעג מען דאָך ריידען הויקעריש!"

„גוט, האָט דער הויקער געזאָגט; און פאַר חדר־אינגלעך מעג מען אויסזאָגען פון חדר.

אָבער פאַרוואָס רעדט זאַראַטוסטראַ אַנדערש צו זײַנע תלמידים — איידער צו זיך אַליין?" —

* *
*

# מענשעי־קלוגשאפט

ניט די הויך: דער בארג־רים איז שרעקליך!

דער בארג־רים, וואו דער בליק שטירצט אראפצו און די האנט גרייפט ארויף־צו. דעם הארצען הויבט אן צו שווינדלען פון זיין טאפעלען ווילען.

אך, פריינד מיינע, טרעפט איהר ריכטיג אויך פון מיין הארצען דעם טאפעלען ווילען?

דאס, אט דאס איז מיין בארג־רים און מיין געפאהר, וואס מיין בליק שטירצט אין דער הויך און מיין האנט וויל זיך שטיצען און אנהאלטען אן — דער טיעף!

אן דעם מענשען קלאמערט זיך אן מיין ווילען, מיט קייטען בינד איך מיך צו צו דעם מענשען, ווייל עס רייסט מיך ארויף צו דעם אויבער־מענשען: ווייל אהינצו וויל מיין אנדער ווילען.

און צוליעבדעם לעב איך בלינד צווישען די מענשען; פונקט ווי איך וואלט זיי ניט געקענט: כדי מיין האנט זאל ניט פארלירען אין גאנצען איהר גלויבען אין א פעסטקייט.

איך קען אייך ניט, מענשען: אט דער חושך און אט די טרויסט איז אויסגעשפרייט ארום מיר.

איך זיץ אויף דעם טויער־וועג פאר יעדען רמאי און פרעג: ווער וויל מיך אבנארען?

דאס איז מיין ערסטע קלוגשאפט, וואס איך לאז מיך אבנארען, כדי ניט צו דארפען זיך היטען פאר רמאים.

אך, ווען איך וואלט געדארפט זיך היטען פאר מענשען: ווי וואלט יעמאלט דער מענש געקאנט זיין דער אנקער פון מיין באלאן! צו גרינג וואלט דאס מיך א ריס געטאן ארויפצו און אוועק!

אט דאס איז די השגחה איבער מיין גורל, וואס איך מוז זיין אהן פארזיכט.

און ווער עס וויל ניט פארשמאכט ווערען צווישען מענשען, מוז

זיך אויסלערנען צו טרינקען פון אלע גלעזער; און ווער עס וויל בלייבען ריין צווישען מענשען, מוז פארשטעהן, ווי זיך צו וואשען אויך מיט שמוציגע וואסער.

און אזוי האָב איך אָפט גערעדט צו זיך אין טרויסט: „גור־מילא! ניט געזאָרגט, דו אלטע הארץ! אן אומגליק האָט זיך דיר ניט איינגעגעבען: האָב הנאה דערפון ווי פון דיין — גליק!“

און אָט דאָס איז מיין אנדער מענשען־קלוגשאפט: איך שאנעווע די כבוד־זיכטיגע מעהר איידער די שטאָלצע.

איז ניט די פארוואונדעטע קליין־כבוד־זוכט די מוטער פון אלע טרויער־שפּיעלען? דאָרטען אָבער, וואו דער שטאָלץ ווערט פאַר־וואונדעט, וואקסט ארויס נאָך עפּעס א בעסערע זאך איידער דער שטאָלץ.

כדי דאָס לעבען זאָל זיין גוט צום צוקוקען מוז זיין שפּיעל גוט געשפּיעלט ווערען: דערצו דארף מען אָבער האָבען גוטע אקטיאָרען.

גוטע אקטיאָרען זיינען אָבער די כבוד־זיכטיגע: זיי שפּיעלען און ווילען, מען זאָל מיט חשק אויף זיי קוקען, זייער גאנצער גייסט איז ארייננעטאָן אין אָט דעם ווילען.

זיי טוען אויפפיהרען זיך אליין; זיי טראכטען אויס זיך אליין; אין זייער שכנות האָב איך האָלט צוצוקוקען זיך צום לעבען, דאָס היילט פון שווער־געמיט.

דעריבער שאנעווע איך די כבוד־זיכטיגע, ווייל זיי זיינען מיר די דאָקטוירים פאר מיין שווער געמיט, און האלט מיך פעסט אָן דעם מענשען, ווי אָן א שוי־שפּיעל.

און דערצו: ווער קאָן ביי דעם כבוד־זיכטיגען אויסמעסטען די גאַנצע טיעף פון זיין אניוועס! איך בין גוט צו איהם און האָב מיטלייד מיט זיין אניוועס.

זיין גלויבען אין זיך וויל ער לערנען פון אייך: ער ווערט געשפּייזט מיט אייערע בליקען, ער פרעסט די שבחים פון אייערע הענט.

ער גלויבט אייך אייער ליגען, אויב איהר ליגט צו גוטען

וועגען איהם, ווייל אין דער טיעפסטער טיעף זיפצט זיין הארץ:
„וואס בין איך!"

און אויב דאס איז די ריכטיגע טוגענד, וואס וויים ניט פון זיך אליין, איז — אט: דער כבוד־זיכטיגער וויים ניט פון זיין אניוועס! —

דאס איז אבער מיין דריטע מענשען־קלוגשאפט, וואס איך לאז מיר ניט פארדארבען דעם אנבליק פון די רשעים דורך אייער פחדנות.

איך בין גליקליך צו זעהן די וואונדער, וואס די הייסע זון בריהט אוים: טיגערען און פאלמען און קלאפער־שלאנגען.

אויך צווישען מענשען איז פאראן א שעהנע אויסגעבורט פון דער הייסער זון און פיעל איז באוואונדערונג־ווערט אין דער רשעות.

ס'איז אפילו אמת, ווי אייערע קלוגשאפענסטע קומען מיר אוים ניט גאר אזוי קלוגשאפען: אזוי האב איך אויך די רשעות פון מענשען געפונען, אז זי שטעהט נידעריגער פאר איהר קלינגענדען שם.

און אפט האב איך מיט קאפ־שאקלען געפרעגט: צו וואס נאך קלאפערן, איהר קלאפער־שלאנגען?

באמת, אויך די רשעות האט נאך איהר צוקונפט! און דער הייסעסטער דרום איז נאך ניט אנטדעקט געווארען פאר דעם מענשען.

ווי פיעל זאכען רופט מען שוין איצטער די ערגסטע רשעות וואס זיינען נאר צוועלף שיך ברייט און דריי חדשים לאנג! אמאל אבער וועלען קומען אויף דער וועלט גרעסערע דראכען.

ווייל כדי דעם אויבער־מענש זאל ניט פעהלען זיין דראך, דער אויבער־דראך, וואס פאסט פאר איהם, דערצו מוז א סך הייסע זון גליהען אויף דעם פייכטען אור־וואלד!

פון אייערע ווילדע קעץ מוזען ערשט ווערען טיגערען און פון אייערע גיפט־פראשען קראקאדילען: ווייל דער גוטער יעגער זאל א גוט געיעג האבען!

און באמת, איהר גוטע און גערעכטע! ס'איז אין אייך דאָ א סך, פון וואָס צו לאַכען, און דערהויפט אייער מורא פאַר דעם, וואָס מען האָט ביז אהער גערופען „טייוועל"!

אזוי פרעמד זיינט איהר אין אייער נשמה צו דעם, וואָס איז גרויס, אז דער אויבער־מענש וועט אייך אימה'דיג זיין אין זיין גוטסקייט!

און איהר, קלוגשאַפענע און וויסענדע, איהר וועט אנטלויפען פון דעם זון־בראַנד פון יענער קלוגשאַפענקייט, אין וועלכער דער אויבער־מענש וועט זיך מיט חשק באָדען, א נאַקעטער.

איהר העכסטע מענשען, וואָס מיין אויג באַגעגענט! אָט דאָס איז מיין ספק אין אייך און מיין פאַרבאָרגענער לאַכען: איך בין מיר משער, איהר וועט מיין אויבער־מענש רופען „טייוועל".

אַך, די העכסטע און בעסטע זיינען מיר נמאס געוואָרען; פון זייער „הויך" האָט זיך מיר געוואָלט ארויף, ארויס, אוועק צו דעם אויבער־מענש.

א פחד איז אויף מיר געפאַלען, אז איך האָב דערזעהען אָט די בעסטע נאַקעטערהייט: יעמאָלט זיינען ביי מיר די פליגלען אויסגעוואַקסען, אוועקצושוועבען אין די ווייטע צוקונפטען.

אין ווייטערע צוקונפטען, אין א מעהר דרום'דיגען דרום איי־דער א קינסטלער האָט ווען געקאָנט טרוימען: אהין, וואו געטער שעמען זיך נים צו געהן אָנגעטאָן.

אָבער א י י ך, איהר נאָהענטסטע און מיטמענשען, וויל איך זעהן פאַרקליידט, און גוט־געפוצט און כבוד־זיכטיג, און חשוב'דיג, ווי „די גוטע און גערעכטע", —

און פאַרקליידט וועל איך אַליין זיצען צווישען אייך, — כדי איך זאָל האָבען א טעות אין אייך און אין מיר: מחמת דאָס איז מיין לעצטע מענשען־קלוגשאַפט.

אזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ.

* *

*

## די שטילסטע שעה

וואס איז מיט מיר געשעהען, מיינע פריינד? איהר זעהט מיך פאר׳דאגה׳ט, ארומגעטריבען, אומוויליג־פאלגענדיג, אנגעגרייט צו געהן — אך, אוועקצוגעהן פון אייך!

יע, נאך א מאל מוז זאראטוסטרא אוועק אין זיין איינזאמ־קייט: אבער אהן חשק געהט דאס מאל דער בער צוריק אין זיין הויהל.

וואס איז מיר געשעהען! ווער באפעהלט דאס? — אך, מיין צארענדיגע הארין וויל דאס, זי האט גערעדט צו מיר; האב איך אייך שוין א מאל אנגערופען איהר נאמען?

נעכטען ארום אוונט האט צו מיר גערעדט מ י י ן ש ט י ל־ ס ט ע ש ע ה: דאס איז דער נאמען פון מיין שרעקליכער האר־ רין.

און אזוי איז עס געשעהן, — ווייל איך מוז אייך אליץ דערצעהלען, כדי אייער הארץ זאל ניט הארט ווערען צו דעם, וואס שיידט זיך פלוצלונג פאנאנדער מיט אייך.

ווייסט איהר דעם שרעק פון דעם וואס ווערט אנטשלאפען?

ביז אין די פוס־פינגער אריין ווערט ער דערשראקען דערפון, וואס דער באדען אנטלויפט און דער חלום הויבט זיך אן.

דאס זאג איך אייך אין א משל. נעכטען אין דער שטילסטער שעה איז מיר דער באדען אנטלאפען: דער חלום האט זיך אנגע־ הויבען.

דער ווייזער האט זיך גערוקט, דער זייגער פון מיין לעבען האט איבערגעכאפט דעם אטעם, — נאך קיינמאל האב איך אזא שטילקייט ניט געהערט ארום זיך: אזוי אז מיין הארץ האט זיך דערשראקען.

דערנאך האט ע סגערעדט אהן א שטים צו מיר: „ד ו ווייסט דאס, זאראטוסטרא?“

און איך האָב, ביי אָט דעם מורמעל א געשריי געמאַן פאַר־
שרעק און דאָס בלוט איז פארשוואונדען פון מיין פּנים: אָבער
איך האָב געשוויגען.

האָט יעמאָלט עס נאָך א מאָל גערעדט צו מיר אָהן א שטים:
„דו ווייסט דאָס, זאראטוסטרא, אָבער דו זאָגסט דאָס ניט ארויס!"

האָב איך דערויף געענטפערט, ווי א פאר'עקשן'טער: „יע,
איך ווייס דאָס, אָבער איך וויל דאָס ניט ארויסזאָגען!"

האָט עס ווידער גערעדט אָהן א שטים צו מיר: „דו
ווילסט ניט, זאראטוסטרא? איז דאָס אמת? פארשטעק
דיך ניט אין דיין עקשנות!"

און איך האָב געוויינט און האָב געציטערט, ווי א קינד, און
האָב געזאָגט: „אך, איך וואָלט שוין געוואָלט, אָבער ווי קאָן איך
עס! נעם אראָפּ פון מיר נאָר דאָס! עס איז איבער מיינע כחות!"

האָט עס ווידער צו מיר גערעדט אָהן א שטים: „וואָס איז
מיט דיר, זאראטוסטרא! זאָג ארויס דיין וואָרט און ווער צו־
בראָכען!" —

און איך האָב געענטפערט: „אך, איז דאָס מיין וואָרט?
ווער בין איך? איך וואַרט אויף דעם חשוב'ערען; איך בין
ניט ווערט אפילו, צוברעכען צו ווערען צוליעב איהם".

האָט עס ווידער גערעדט אָהן א שטים צו מיר: וואָס איז
מיט דיר? דו ביסט מיר נאָך ניט אניוועסדיג גענוג. די
אניוועס האָט די הארטסטע פעל." —

און איך האָב געענטפערט: „וואָס האָט שוין ניט אריבער־
געטראָגען די פעל פון מיין אניוועס! איך וואוין ביי דעם פוס
פון מיין הויך: ווי הויך זיינען מיינע בארג־שפּיצען? קיינער
האָט דאָס מיר נאָך ניט געזאָגט. אָבער גוט קען איך מיינע
טאָלען".

האָט עס ווידער גערעדט אָהן א שטים צו מיר: א, זאראטוס־
טרא, ווער עס דארף אריבערפיהרען בערג, דער פיהרט אויך ארי־
בער טאָלען און נידערונגען." —

און איך האָב געענטפערט: „מיין וואָרט האָט נאָך ניט אריי־בערגעפיהרט קיין בערג, און וואָס איך האָב גערעדט, האָט נאָך ניט דערגרייכט צו די מענשען. יע, איך בין געגאַנגען צו די מענשען, אָבער איך בין נאָך ניט געקומען צו זיי.“

האָט עס ווידער גערעדט אָהן א שטים צו מיר: „וואָס ווייסטו דערפון? דער טוי פאַלט אויף די גראָז, ווען די נאַכט האַלט אין דעם טיעפסטען שווייגען.“ —

און איך האָב געענטפערט: „זיי האָבען מיך פאַרשפּאָט, ווען איך האָב מיין אייגענעם וועג געפונען און בין איהם געגאַנגען; און אין דער אמת'ן האָבען מיר יעמאָלט געציטערט מיינע פיס.

און אזוי האָבען זיי גערעדט צו מיר: דו האָסט פאַרגעסען דעם וועג, איצטער האָסטו אויך פאַרגעסען, ווי צו געהן!

האָט עס ווידער גערעדט צו מיר אָהן א שטים: „וואָס איז דען זייער שפּאָט! ביסטו אזא, וואָס האָט פאַרגעסען, ווי צו פאָלגען — איז דאַרפסטו הייסען!

ווייסטו דען ניט, ווער איז אַלעמען דער נויטיגסטער? דער וואָס באַפעהלט גרויסעס.

גרויסע זאַכען דורכצופיהרען איז שווער: אָבער נאָך שווערער איז גרויסע זאַכען צו באַפעהלען.

דאָס איז, וואָס מען מאָר דיר ניט מוחל זיין: דו האָסט די מאַכט און דו ווילסט ניט הערשען“. —

און איך האָב געענטפערט: „צו באַפעהלען פעהלט מיר די שטים פון א לייב“.

האָט עס ווידער גערעדט, ווי בלחש צו מיר: „די שטילסטע ווערטער זיינען דאָס, וואָס ברענגען דעם שטורעם. געדאַנקען, וואָס קומען אויף טויבען־פיס, פיהרען די וועלט.

א זאַראַטוסטראַ, דו זאָלסט געהן ווי א שאָטען פון דעם וואָס מוז קומען: אזוי וועסטו באַפעהלען, און באַפעהלענדיג געהן פאָר־אויס“. —

און איך האָב געענטפערט: „איך שעם זיך“.

האט עס ווידער גערעדט אהן א שטים צו מיר: „דו מוזט נאך ווערען א קינד און אהן בושה.

דער שטאלץ פון דער יוגענד איז נאך אויף דיר, שפעט ביסטו יונג געווארען: אבער ווער עס וויל ווערען א קינד, מוז נאך אויך זיין יוגענד גובר־זיין.״ —

און איך האב א לאנגע צייט געטראכט און געציטערט. לסוף אבער האב איך געזאגט, וואס איך האב געזאגט אין אנהויב: „איך וויל ניט.״

דא האט פאסירט א לאכען ארום מיר. וועה, ווי אט דער לאכען האט מיר די אינגעווייד צוריסען און דאס הארץ אויפגע־שניטען.

און עס האט צום לעצטען מאל גערעדט צו מיר: „א, זארא־טוסטרא, דיינע פירות זיינען צייטיג, אבער דו ביסט ניט צייטיג פאר דיינע פירות!

איז — מוזטו ווידער אוועק אין די איינזאמקייט: ווייל דו דארפסט נאך ווערען צייטיג און ווייך.״

און עס האט ווידער געלאכט און איז אנטרונען. יעמאלט איז שטיל געווארען ארום מיר מיט א צווייפאכער שטילקייט. איך אבער בין געלעגען אויף דעם באדען, און דער שוויים איז געפלאסען פון מיינע גליעדער.

— אט האט איהר אלץ אויסגעהערט, און פארוואס איך מוז צוריק אוועקגעהן אין מיין איינזאמקייט. קיין זאך האב איך ניט פארשוויגען פון אייך, מיינע פריינד.

אבער אויך דאס האט איהר געהערט פון מיר, ווער עס איז תמיד דער פארשוויגענדסטער פון אלע מענשען—און וויל דאס זיין!

אך, מיינע פריינד! איך וואלט געהאט נאך עפעס צו זאגען אייך, איך וואלט געהאט נאך עפעס צו געבען אייך! פאר וואס גיב איך ניט? בין איך דען א קמצן?״ —

ווען אבער זאראטוסטרא האט ארויסגערעדט אט די ווערטער, האט איהם די מאכט פון דעם שמארץ און דער נאהענטער צושיידען־

זיך מיט זיינע פריינד בעפאלען אזוי, אז ער האט געוויינט אויפ'ן קול; און קיינער האט איהם ניט געקאנט טרויסטען. ביי נאכט אבער איז ער אוועקגעגאנגען אליין און האט פארלאזען זיינע פריינד.

* * *